מיכאל מעפּער

---

# ערשט נעכטן איז דאָס געווען...

(אַ בינטל זכרונות פון לאָדזש)

מיכאל טעפּער

# ערשט נעכטן איז דאס געווען...

## (א בינטל זכרונות פון לאדזש)

פאַרלאַ:


וואַרשע

1961

MICHAŁ TEPER

# BYŁO TO DOPIERO WCZORAJ...

Redaktor: M: MIRSKI

רעדאַקטאָר: מ. מירסקי

**Wydawnictwo „Idisz Buch"** **Warszawa, Nowogrodzka 5**

Nr zam. 4175 Nakład 2300 egz. Druk ukończono w lipcu 1961 r.
Ark. druk. 4,25. Ark. wydawn. 3. Papier druk sat. V kl. 61x86 80 g.
Druk. RSW „Prasa", Warszawa, Tarczyńska 8. S-72.

## ערשט נעכטן איז דאָס געווען...

### (א בינטל זכרונות פון לאָדזש)

דאָס יאָר 1936 איז געווען זייער רייך אין פּאָליטישע געשעענישן אין אונדזער שטאָט; ס'האָט זיך ממש געקנוילט איין פּאָליטישע קאַמפּאַניע נאָך דער צווייטער: דער גרויסער טעקסטיל־שטרייק אין חודש מערץ, דער 1־טער מאַי, די קאַמפּאַניע אַרום קאָנגרעס צום קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם, היינט די וואַלן צום לאָדזשער שטאָט־ראַט. בעת די אַלע געשעענישן האָבן די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן אָפּגעשפּילט נישט קיין קליינע ראָל. דער ביישטייער פון די יידישע אַרבעטער, האַנטווערקער און קליינהענדלער האָט צוגעהאָלפן צום זיג פון די לינקע כוחות בעת די וואַלן צום לאָדזשער שטאָט־ראַט.

## די נייע מעלאָדיע...

איך שרייב נישט קיין געשיכטע. דאָס לאָז איך איבער פאַר די היסטאָריקער. אַלס אַקטיווער אָנטיילנעמער אין דער שטרייק־קאַמפּאַניע וויל איך בלויז פאַרצייכענען מיינע זכרונות, כדי אין א געוויסער מאָס אַרויסצוברענגען דעם ביישטייער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, ווי בכלל פון דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג אין דער דאָזיקער אקציע.

יעדער איינער, וואָס וויל זיך נאָר צוריקרופן צו אָט דעם צייט־אָפּשניט פון יאָר 1936, מוז קודם־כל נעמען אין אכט, אז דער דערמאָנטער טעקסטיל־שטרייק איז נישט געווען עפּעס אַן אָפּגעריסענע דערשיינונג; דאָס איז נישט געווען א קאַמף פאַר א געוויינלעכער לוין־העכערונג, כאָטש דער לאָדזשער טעקסטיל־פּראָלעטאַריאַט, ווי בכלל דער אַרבעטער־קלאַס אין גאַנצן לאַנד, האָט גאַנץ טייער באַצאָלט אין די פאַרגאַנגענע צייטן פאַר יעדער אויסגעקעמפטער פּאָזיציע.

נאָך ביז היינטיקן טאָג שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס שוידערלעכע בילד פון יולי 1923, ווען אויפן באַלוטער מאַרק איז פאָרגעקומען אַ גרויסער מיטינג פון שטרייקנדיקע טעקסטיל־ארבעטער. פלוצלונג זענען אָנגעקומען פאָליציאַנטן אויף פערד, מיט שווערדן אין די הענט, און פוסגייער און האָבן זיך מיט אַ ווילדן אימפעט געוואָרפן אויף דער רואיקער מאַסע, וואָס איז געשטאַנען און זיך צוגעהערט צו די רעדעס, וועלכע ס'האָבן געהאַלטן דעפוטאַטן פון פאַרשידענע ריכטונגען. ס'זענען געפאַלן ביקסן־שאָסן. נאָך עטלעכע מינוט האָט דער מאַרק מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פשוט שלאַכט־פעלד: צעטראָטענע, פיל פאַרוווּנדעטע און צוויי צום טויט מיט באַגנעטן דערשטאָכענע אַרבעטער...

ווי קאָן מען פאַרגעסן די בלוטיקע שחיטה פון 1933 יאָר איבער די שטרייקנדיקע אַרבעטער אין פאַביאַניץ און אויף שייבלערס מאַרק אין לאָדזש!

נאָר ווי אַנדערש איז געווען דאָס 1936 יאָר!

דאָס איז געווען אַ נייע מעלאָדיע...

ס'איז געווען דאָס דריטע יאָר, ווי היטלער האָט זיך צוגעריסן צו דער מאַכט. די סאָציאַליסטישע פאַרטייען האָבן זיך אַלץ ענגער פאַרבונדן מיט היטלער־דייטשלאַנד. די ענדעקישע יוגנט האָט זיך באַמיט איבערפלאַנצן זייערע הערשאַפטס־מעטאָדן אויפן פוילישן באָדן.

אָבער קענטיק איז אויך געווען די קאָנטר־אַקציע פון אייראָפעישן פראָלעטאַריאַט. די קאָמוניסטישע אידעע פון פאָלקס־פראָנט איז געוואָרן אַלץ מער פאָפולער. אין פוילן האָט דער איינהייטס־לאָזונג אָנגעהויבן אָנצונעמען רעאַלע געשטאַלטן. נאָך פיל יאָרן צעשפליטערונג און רייסערייען אין די אַרבעטער־רייען איז ענדלעך געקומען צו אַ פאַראייניקונג פון דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג פון די קלאַסן־פאַריינען.

אין הערבסט 1935 איז אין לאָדזש פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון טעקסטיל־פאַריין אויף אַגראָדאָווע 9, וועלכער האָט זיך געפונען אונטער דער השפעה פון „בונד“, מיט דעם פראָפ. פאַריין אונטער דער אָנפירונג פון דער לינקער ריכטונג, וואָס איז טאַטיק געווען פשוט אויף דער גאַס — אויף דער אַזוי גערופענער בירזשע, געלדע. לינקע ריכטונג איז געווען דער לעגאַלער נאָמען פון דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער דער השפעה פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון פוילן.

ווי אַזוי האָבן אויסגעזען די פאָליטישע כוחות־פאַרהעלטענישן ביי די יידישע טעקסטיל־אַרבעטער?

אונטער דער השפעה פון דער לינקער פראַפ. ריכטונג האָבן זיך גע־פונען פאָלגנדיקע פאכן: שטריקער און קרובהשע צווייגן — אַן ערך צוויי טויזנט באַשעפטיקטע, זאָקן־אַרבעטער (האַנט און קראַפט) — 1.500, הענטשקע־מאַכער, טריקאָ־אַרבעטער — צוזאַמען ביי א טויזנט באַשעפ־טיקטע; דערצו זענען נאָך צוגעקומען קלענערע פאכן — העפטערקעס, טאַמבורירער א. ד. גל.

די שטריקער האָבן געהאַט זייער גאַס־אָפּשניט אויף פּולנאָצנע, פון נאַוואָמיעיסקע ביז וואָכאָדניע. דאָ פלעגן יעדן אָוונט דיזשורירן מיט־גלידער פון דער פאַך־קאָמיסיע און דערליידיקן ענינים, מיט וועלכע אַרבע־טער זענען געקומען. דער צווייטער וויכטיקער גאַס־אָפּשניט, וו ס'האָבן זיך געזאַמלט טריקאָ־ און הענטשקע־מאַכער, איז געווען די נאַדלזדקע. דאָס איז געווען א מין אָאזיס פון א פּאָר ביימער און גרינס אויף אַלטשטאָט. ס'איז נאָך געווען א פּונקט אויף אַלטשטאָט, וואָס איז געווען באַקאַנט ביי דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג — אַלס „פראַנצויזישע גאָרטן". דאָ האָט זיך געפונען די בירזשע פון די בעקערס.

אין פאַריין אויף אָגראָדאָוואַ 9 האָבן זיך געפונען די קראַפט־וועבער, א טייל שטאָפעריגס און האַנט־וועבער, באַשעפטיקטע ביי כאַלופניקעס אויפן באַלוט. די שווער זענען געווען א באַשטאַנדטייל פון דער 7־טער אָפּטיילונג. דאָס הייסט אָבער נישט, אז אין די פאכן האָט געהאַט די אויסשליסלעכע השפעה דער „בונד".

אין שפּיץ פון לינקן טעקסטיל־פאַריין איז געשטאַנען א פאַרוואַל־טונג, וועלכע האָט געפירט איר טעטיקייט אונטער דער אָנפירונג פון קאָמוניסטישן פּאַרטיי־עקזעקוטיוו, אויסגעוויילט דורך די פּאַרטיי־קעמער־לעך, וועלכע האָבן עקזיסטירט צו עטלעכע ביי יעדן פאַך. טייל מיטגלידער פון פּאַרטיי־עקזעקוטיוו זענען אויך אַריין אין באַשטאַנד פון דער פאַר־וואַלטונג. אויף די זיצונגען פון עקזעקוטיוו פלעגן באַטראַכט ווערן אויך פאַך־ענינים, אַלץ וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער טעטיקייט פון פאַריין.

אין באַשטאַנד פון עקזעקוטיוו האָבן זיך געפונען חיימל מאַלץ, א טריקאָ־אַרבעטער, אַנקע האַנדלסמאַן, א העפטערקע, האַרי גערשאָן, א שטריקער, יוסף האָלצמאַן — קראַפט־וועבער, נאָטע קאַלינסקי — קראַפט־וועבער, דוד שאַרפהאַרץ — א זאָקנמאַכער און איך אַלס סעקרעטאַר פון עקזעקוטיוו.

די חברטע רבקה שינדער־וואָיסקאָווסקא פלעגט קומען אויפן עקזע־קוטיוו אלס פאָרשטייער פון פראָפ. אָפּטייל („ווידזשאל זאוואָדאָווי") ביים לאָדזשער קאָמיטעט פון דער קפפ. פון צייט צו צייט פלעגן אויך קומען אויף אונדזערע זיצונגען אַלס פאָרשטייער פון ראַיאָן־קאָמיטעט (דזשעלניצע), העניעק ראָזען (העניעק דזשעווני) און מאַניע זיסמאַן (די שווארצע מאַניע). די חברטע מאַניע איז פון פאַך געווען א העפטערקע; געווען זייער אַקטיוו אין דער באַוועגונג, פריער אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, שפּעטער אין דער פּאַרטיי, געזעסן פיל יאָרן אין תפיסה; אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

די פאַראייניקונג פון לינקן טעקסטיל־פאַריין מיטן פאַריין אויף אַגראָדאָווע 9 איז פאָרגעקומען, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, סוף 1935 יאָר. לויט א פריערדיקער פארשטענדיקונג פון ביידע פּאַרטיי־ריכטונגען איז געשאַפן געוואָרן א געמיינזאמע פארוואַלטונג פון 9 פּערזאָן: 5 בונדיסטן און 4 קאָמוניסטן. מצד דעם „בונד" זענען געווען פאַרטראָטן אין דער פאַרוואַלטונג: יחיאל פערגאַמענט (פאָרזיצער פון דער פאַר־וואַלטונג), יוסף מאַרגענטאַלער (סעקרעטאַר), שיפערבלאַט, גאָלדע יאקובאָוויטש — א שטאָפּערין, זדונסקי און חנה זיגעלבוים אלס פאַר־טרעטערין. מצד דער לינקער ריכטונג: חיימל מאַליץ, הארי גערשאָן, יוסף האָלצמאַן און איך — אלס וויצע־פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג.

מיטן מאָמענט פון דער פאַראייניקונג איז אונדזער פאַריין אויסגע־וואַקסן צו איינער פון דער גרעסטער פראָפעסיאָנעלער אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציע אויף דער יידישער גאַס אין לאָדזש. דער פאַריין האָט פאַרמאָגט א מיטגלידערשאַפט פון איבער פינף טויזנט טעקסטיל־אַרבעטער. דער קערנדיקסטער טייל פון דער מיטגלידערשאַפט איז באַשטאַנען פון קראַפּט־וועבער, שטריקער, האַנטוועבער און זאָקנמאַכער.

יידישע קראַפט־וועבער, שטאָפּערינס, שער־ער און טרייבערינס זענען צום מערסטן געווען באַשעפטיקט אין דער אַזוי גערופענער מיטלער אינדוסטריע. צו די גרויסע טעקסטיל־פאַבריקן פון שייבלער און גראָמאַן, ווידזעווער מאַנופאַקטור, פון פאָזנאַנסקי, כאָטש א יידישער פאַבריקאַנט האָט קיין יידישער אַרבעטער נישט געהאַט קיין צוטריט. און אויסנאַם איז געווען די פירמע עטינגאָן, וואָס האָט באַשעפטיקט א גרעסערע צאָל יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. די וויכטיקסטע פירמעס, וווּ ס'זענען געווען באַשעפטיקט יידישע אַרבעטער, זענען געווען: גערשאָווסקי — א דאָזאָר אין דער לאָדזשער קהילה, ער האָט אויסגעזען ווי אן אמתער

פריץ — הויך, ברייט, גרויסע ווייסע וואָנצעס. ביי אים זענען געווען באַשעפטיקט איבער הונדערט וועבער, שטאָפּעריגס און שערער. ביי גערשאָווסקין האָט א געוויסע צייט געאַרבעט דער סיים=דעפּוטאַט ביל ראָזענבערג און גילמאַן, אַ יונגער קאָמוניסט. אויך דאָס ביוראָ=פערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון יידן. יידישע אַרבעטער זענען געווען באַשעפטיקט ביי משה=אַהרן ווינער, א חסיד, געשטאַמט פון זדונסקע=וואָליע. פאַר דער ערשטער וועלט=מלחמה האָבן ביי אים קיין יידישע אַרבעטער נישט געטאָרט אַרבעטן שבת. אַרום דעם זענען טאָקע פאָרגעקומען גרויסע קאָנפליקטן; די יידישע אַרבעטער האָבן דווקא יא געוואָלט אַרבעטן צוזאמען מיט זייערע פוילישע חברים. דאַן די פירמע הערשבערג און האלבערשטאַט — אָדער דער אַלטער צמח, ווי ס'פלעגן אים רופן די אַרבעטער. ער איז געווען גבאי אין דער ווילקער שול. אין דער פירמע זענען אויך געווען באַשעפטיקט ביי א הונדערט יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. אויף צוויי דעלעגאַטן איז געווען איין יידישער — פישל זילבערבערג. דער פוילישער האָט געהייסן העמפּינסקי. העמפּינסקי האָט געהאַט הינטער זיך א רייכע רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט, געהערט צום ספּאַרטאַקוס=בונד, אַמאָל גענומען אין דער דייטשישער רעוואָלוציע פון יאָר 1918. שפּעטער איז ער געקומען קיין לאָדזש, געווען איינער פון די אַקטיווסטע קאָמוניסטישע דעלעגאַטן, ער האָט אויך קאַנדידירט צום לאָדזשער שטאָט=ראַט אין יאָר 1927.

די פירמע „מאזאה און לעמפּערט“ אויף פּאַגאַנאָווסקי=גאַס. דער אַלטער מאזאה איז געווען א רוסישער ייד. גערעדט א שיינעם יידיש, בכלל א סימפּאַטישער מענטש. אויך אין דער פירמע זענען געווען באַשעפטיקט ביי א הונדערט יידישע וועבער און שטאָפּערינס. אויף צוויי דעלעגאַטן איז געווען איין יידישער — מרדכי ראָזענפעלד, אומגעקומען אין אָשוויענטשים עטלעכע טעג פאַר דער באַפרייונג. די פירמע מיינצל=באַום האָט באַשעפטיקט א גרעסערע צאָל יידישער וועבער. אין דער פירמע האָט א לענגערע צייט געאַרבעט דער באַקאַנטער לאָדזשער קאָמוניסט י אָ ש ק ע ק אַ ו ע. נאָך פירמעס, וווּ ס'האָבן געאַרבעט יידישע אַרבעטער זענען געווען: גאָלדלוסט — פאָרזיצער פון אונטערנעמער=פאַרבאַנד פון דער טעקסטיל=אינדוסטריע, שניצער, וואַרשאַווסקי, זאַקס — א פּליוש=פאַבריקאַנט, יחיאל=מאיר פיק, זילבערשטיין. ס'האָט אויך עקזיסטירט אויף פּאָלודניאָווע 52 א יידישער וועבער=קאָאָפּעראַטיוו „פּראָגרעס“, וואָס איז באַשטאַנען פון אמאָליקע באַלעבאַטישע האַנט=וועבער.

דער קאָאָפּעראַטיוו האָט געהאַט אַ גרויסן פֿאַרדינסט ביים איבערקוואַלי־פֿיצירן האַנט־וועבער אויף קראַפֿט. אין שפּיץ פֿון קאָאָפּעראַטיוו זענען געשטאַנען: משה מאָשקאָוויטש, אַ פֿאָלקיסט — אַ סימפּאַטישער מענטש, ביאַלער, שלמה בראַנער. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט באַשעפֿטיקט ביי אַ 50 וועבער. די פֿירמע פּיקעלני. זי האָט באַשעפֿטיקט אַ גרעסערע צאָל יידישע שטאָפּעריגס. אין דער פֿירמע איז געווען דעלעגאַט דער יונגער קאָמוניסט מאַריאַן רעמבסקי. דערצו זענען נאָך צוגעקומען גרעסערע פֿאַבריקן, וואָס האָבן באַשעפֿטיקט יידישע האַנטוועבער, ווו ס'זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן טיכער פֿאַר פֿרויען אָדער אַזוי גערופֿענע טאָפּלטיכער מיט פֿראַנדזן. די גרעסטע פֿון זיי איז געווען די פֿירמע פּיאַסקאָווסקי. דאָס איז געווען אַן אַלטער אויסנוצער; ביי אים האָט געאַרבעט אַ חסידישער עלעמענט. דער אַלטער פּיאַסקאָווסקי אַליין איז געווען אַ פֿאַנאַטישער גערער חסיד. ער האָט איינגעפֿירט ביי זיך פּאַטריאַרכאַלישע מנהגים. אויף שמחת־תּורה האָבן אַלע וועבער־אַרבעטער געמוזט קומען צו אים אויף דער סעודה. אַזוי איז אויך געווען פּורים אָדער אַנדערע יידישע יום־טובֿים. שבת האָבן „זיינע" וועבער געמוזט קומען צו אים צום דאַווענען. בכלל האָט פּיאַסקאָווסקי פֿאַרוואַנדלט „זיינע" וועבער אין האַלבע שקלאַפֿן. ביי אים האָבן וועבער צום ווייניקסטן פֿאַרדינט.

ס'זענען געווען פֿירמעס, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט טיכער: כמיעל־ניצקי, זאַיאָנטשקאָווסקי, ברעסקין, דאַניעלאַק — אַ באַלוטער פֿאַבריקאַנט. די דאָזיקע פֿירמעס האָבן באַשעפֿטיקט אַן ערך טויזנט יידישע אַרבעטער.

מיר, די אָנפֿירערשאַפֿט פֿון טעקסטיל־פֿאַריין, האָבן דעמאָלט געשאַצט די אַלגעמיינע צאָל יידישע אַרבעטער באַשעפֿטיקטע אין גרעסערע פֿאַבריקן אויף אַן ערך פֿינף טויזנט.

די לאָדזשער יידישע וועבער און זאָקנמאַכער האָבן בכלל אַריינגע־שריבן אַ הערלעך קאַפּיטל אין די פֿרייהייטס־קאַמפֿן, וועלכע ס'האָט געפֿירט דער לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט סיי אין די יאָרן 1905 — 1907, ווי אויך אין די צווישנמלחמה־יאָרן.

באַקאַנטע אַרבעטער־טוער צווישן די לאָדזשער יידישע וועבער זענען געווען: אהרן לעווקאָוויטש — דער שוואַרצער אהרן. דאָס איז געווען איינער פֿון די שענסטע געשטאַלטן אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. אין יאָר 1905 איז ער שווער פֿאַרוואונדעט געוואָרן — אַ קאָזאַקיש פֿערד האָט אים צעבראָכן אַ האַנט בעת אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען טעטיק אין טעקסטיל־פֿאַריין און אַקטיוו

מיטגעאַרבעט מיט דער לינקער ריכטונג. נחום וואַרמאַן — אויך אַן אָנטיילנעמער אין די באַריקאַדן-קאַמפן פון פינפטן יאָר, אַקטיוו געווען אין דער דייטשישער רעוואָלוציע פון 1918, געהערט צום ספּאַרטאַקוס-בונד; יאַשקע קאַזע, א פּאָפּולערער אַרבעטער-טוער. א זייער סימפּאַטישער מענטש, וואָס האָט פאַרמאָגט פיל אידעלע שטריכן, איז געווען דער לינקער בונדיסט שמואל בינשטאָק, שוין אַן עלטערער מענטש, א גרויסער אָנהענגער פון אַרבעטער-איינהייט, זייער אָפט געשטימט פאַר אונדזערע רעזאָלוציעס. נאָטע קאַליגסקי, איציק בענטשקאָווסקי, נאַפטאַל, די ברידער גאָלדבערג, האָגערמאַן, טאַשמע. דאָס זענען געווען די אַקטיווסטע אין דער לינקער ריכטונג ביי די קראַפט-וועבער. ערשט די האַנט-וועבער. דאָס איז געווען א מאַסע א צעזייטע אין קליינע וואַרשטאַטלעך איבער גאַנץ באַלוט, באַשעפטיקט ביי כאַלופניקעס. די האַנט-וועבער אין באַלוט זענען געווען געטיילט אין באַזונדערע פאַך-צווייגן, א שטייגער: פליוש-וועבער, כאַרניקעס-וועבער, טלית-מאַכער, גאַבעלין-וועבער, טיכער-וועבער א. ד. גל.

די כאַלופניקעס אין באַלוט האָבן געהאַט זייער באַזונדערן פאַריין אויף בזשעזשינער 7. ס׳רוב אונטערן איינפלוס פון די פאָלקיסטן. אויף נח פרילוצקין, דעם לידער פון דער קליינער פאָלקס-פאַרטיי אין פוילן האָבן זיי געקוקט ווי אויף א גאָט. פאָרזיצער פון פאַריין איז געווען בן-ציון לעווי, פאַרוואַלטונגס-מיטגלידער: משה מאָשקאָוויטש, דוד יוזעפאָוויטש (געוווינט אויף מלינאַרסקע 8. זיינע זין זענען געווען קאָמוניסטן); ביאַלער, שלמה בראַנער, שלמה מיצרקע. אלס פאַריינס-טוער ביי די באַלוטער וועבער האָב איך פיל מאָל זיך געטראָפן מיט אָט די מענטשן. פיל הייסע וויכוחים איז מיר אויסגעקומען מיט זיי צו פירן. אָפיציעל האָבן זיי זיך דערקלערט אלס אָנהענגער פון דער פאָלקס-פאַרטיי, נאָר אין פיל פאַלן האָבן זיי אונטערגעשטיצט די קאָמוניסטן, געווען פריינד פון ראָטנפאַרבאַנד.

די שטריקער האָבן זיך ס׳רוב רעקרוטירט פון יוגנטלעכע. אויב ביי וועבער האָט מען געזען פיל עלטערע מענטשן מיט גרויע קעפ, מיט פּראָלעטאַרישע טראַדיציעס, האָט מען דאַקעגן ביי די שטריקער געקענט טרעפן בחורים און מיידלעך פון פאַראָרעמטע באַלעבאַטישע משפחות און ס׳רוב געקומענע פון די קליינע שטעטלעך.

די שטריקער-אַרבעטער זענען אין זייער מערהייט געווען באַשעפטיקט אין קליינע פאַבריקלעך אָדער ביי כאַלופניקעס. דאָס איז געווען איינס פון

די גרעסטע פאכן אין טעקסטיל=פאריין. די לינקע ריכטונג האט פארמאגט ביי די שטריקער א גרויסן אקטיוו פון טרייע, איבערגעגעבענע חברים. די טעטיקסטע זענען געווען: יחיאל שאכטער, איינער פון די ערשטע מיטגלידער פון קאמוניסטישן יוגנט=פארבאנד, געזעסן פיל יארן אין תפיסה, דודל גליקסמאן, אויך געווען אקטיוו אין קאמוניסטישן יוגנט=פארבאנד, יידל גליקסמאן, שלמה געלבארד (שלמה חוש), גערשאן (הארי), געווען אקטיוו אין דער פארטיי, מיטגליד פון עקזעקוטיוו און דער פארוואלטונג.

ביי די זאקן=ארבעטער זענען געווען טעטיק זינט לאנגע יארן דוד שארפהארץ, זילבערהמינץ (גאנדי), דער בונדיסט שמעון בארנשטיין, די קליינע אנדזקע, דער יוגנטלעכער קאמוניסט ראפאל, די ברידער וואלמשאק, די ברידער שאטלאנד, מאטל טראן און זיין פרוי, יוסף פאבריקאנט. ביי די טריקא=ארבעטער: חיימל מאלץ, דער הענטשקע=מאכער יוסף קראקאווסקי. די שטאפערינס האבן טיילווייז געהערט צום פאריין אויף אגראדאווע 9 און א גרויסער טייל צום קלאסן=פאריין אויף נארוטאוויטשגאס 50. די שטאפערינס און העפטערינס האבן פארמאגט א גרויסן אקטיוו פון איבערגעגעבענע פארטיי=מיטגלידער, ווי רוזשקע פעכמאן, זאשע פאכער, סאלא קאמפינסקא, אנקע האנדלסמאן, מאניע קליגער, מאניע פישער (ווייסע מאניע), בינע לאטאוויטש (נאטאשא).

די פאראייניקונג פון טעקסטיל=פאריין האט אריינגעבראכט א גרויסע אויפלעבונג אין געזעלשאפטלעכן און פאליטישן לעבן פון דער מיטגלידערשאפט. די עקאנאמישע ספעציפיק פון די קליינע אונטערנעמונגען, פאבריקלעך, צעווארפענע איבער דער גאנצער שטאט, האט געפאדערט פיל אנשטרענגונג פון דער גאנצער פארוואלטונג, כדי צו באדינען אלע פארזאמלונגען, דערליידיקן קאנפליקטן צווישן ארבעטער און ארבעטסגעבער, וואס איז געווען א טאג=טעגלעכע דערשיינונג. קאנפליקטן האבן זיך געמערט מיט יעדן טאג. די פארשטארקונג פון דער פאריינס=ארגאניזאציע האט צוגעגעבן מוט דעם ארבעטער צו פאדערן בעסערע לעבנס= און ארבעטס=באדינגונגען. דערצו זענען נאך צוגעקומען פארזאמלונגען פון א פאליטישן כאראקטער. נישט געווען דער שבת אדער זונטיק ס'זאל נישט פארקומען עפעס א גרעסערע פארזאמלונג, איינגעארדנט דורך דער בונדישער אדער לינקער ריכטונג. ס'פלעגן אויך טרעפן פארזאמלונגען גערופענע פון ביידע ריכטונגען צוזאמען.

די צייט, וואס איך באשרייב, איז געווען ביז גאר רייך אין פאליטישע געשעענישן. דער זיג פון פאלקס=פראנט אין שפאניע און פראנקרייך,

די שווידערלעכע ידיעות, וואָס זענען אָנגעקומען פון היטלער־דייטשלאַנד — דאָס אַלץ האָט געפינען זיין אָפּקלאַנג אין אונדזער פאַריינס־לעבן. הײַנט די זיצונגען פון אונדזער פאַרטיי־עקזעקוטיוו; דאָס דורכצופירן האָט געפאָדערט פיל ענערגיע. פאַרזאַמלונגען פון די פאַרטיי־קעמערלעך זענען פאָרגעקומען רעגולער יעדע וואָך.

כאָטש אונדזער פאַרטיי־אַקטיוו איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק גענוג גרויס, דאָך איז די גאַנצע לאַסט פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט געפאַלן אויף די מיטגלידער פון פאַרטיי־עקזעקוטיוו. מען מוז נעמען אין אַכט, אַז יעדער איינער פון אונדז האָט געמוזט אויספירן זיינע התחייבותן מיט דער גאַנצער פּינקטלעכקייט — נישט צו פאַרשלעפּן קיין שפּיצלעם אויף אונדזערע זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, וואָס זענען ס'רוב פאָרגעקומען אין פּריוואַטע וווינונגען. בכדי דאָס בילד זאָל זיין אינגאַנצן קלאָר, וועל איך נאָך צוגעבן, אַז יעדער פון אונדז האָט נאָך פאַרמאָגט זיין פּריוואַט לעבן. ווער א פאַמיליע, עלטערן. און אַרבעטן האָט מען געדאַרפט אויף אויסצוהאַלטן זיך און פאַמיליע. גוט איז געווען, אַז מ'האָט געהאַט די אַרבעט. אויך אונדז פלעגט די פּלאָג פון אַרבעטסלאָזיקייט נישט מיידן, ווער שמועסט, אויב ס'איז עמעץ אַרעסטירט געוואָרן — זענען טאַקע געווען גרויסע, געהאַקטע צרות פאַר דער גאַנצער פאַמיליע. אונדזער פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז געווען דיקטירט אויסשליסלעך דורך אידעישע טעמים.

די חברים, וואָס האָבן געהערט צום עקזעקוטיוו און גלייכצייטיק צו דער פאַרוואַלטונג פון פאַריין, האָבן נאָך געמוזט געפינען צייט אויף צו אַרבעטן איבער זיך, ד. ה. לייענען די טעגלעכע פּרעסע, וואָכנשריפטן, פאַרטיי־ליטעראַטור, קומען אויף זיצונגען פון „פּראָפּאַגיט" (הײַנט רופט עס זיך פּרעלעגענטן־סעמינאַר), אויסהערן רעפעראַטן פון צענטער אָדער אַליין באַאַרבעטן רעפעראַטן. מיט קיין געשריבענע רעפעראַטן האָבן מיר נישט געטאָרט זיך באַנוצן, כדי נישט האָבן ביי זיך קיין באַווייזן אין פאַל פון אַן אַרעסט. אין אַזאַ לאַגע האָבן זיך געפונען צענדליקער און הונדערטער פאַרטיי־אַקטיוויסטן אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן.

אונדזער טעקסטיל־פאַריין אויף אָגראָדאָווע 9 איז געווען אַן אָפּטיילונג פון דער טעקסטיל־צענטראַלע פון די פּראָפ. קלאַסן־פאַריינען. אָפיציעל האָט אונדזער אָפּטיילונג זיך גערופן „אָפּטיילונג נומ. 7".

אין לאָדזש זענען געווען טעטיק עטלעכע אָפּטיילונגען אָנגעשלאָסענע אין דער וועלבער טעקסטיל־צענטראַלע. די ערשטע איז געווען די אַזוי

גערופענע פאבריטשנע. איר זיץ=אָרט האָט זיך דעמלט נאָך געפונען אויף נאַרוטאָוויטש=גאַס 50. דאָס איז געווען די גרעסטע אָפּטיילונג; צו איר האָבן געהערט די גרעסטע פאבריקן אין לאָדזש. אויך אין דער אָפּטיילונג איז געקומען צו א פארשטענדיקונג, אויך דאָ האָבן די לינקע באַקומען א פארשטייערשאפט אין דער פארוואלטונג. מצד דער לינקער ריכטונג איז געווילט געוואָרן ח' יוזעף ניעדזיעלסקי אַלס וויצע=פאָרזיצער פון דער פארוואלטונג — א צייט שפּעטער איז ער אויסגעווילט געוואָרן אַלס לאווניק אין לאָדזשער שטאָטראט. ניעדזיעלסקי איז געווען א וועבער און געאַרבעט אין קליינמאַנס פאבריק אויף פּאָמאָרסקע=גאַס.

אין באַשטאַנד פון די אָפּטיילונגען (פיליעס) האָט זיך אויך געפונען דער פאַריין פון די זייד=אַרבעטער, וואָס האָט זיך אַזוי באַרימט געמאַכט אין לאָדזש אין די הריסיקער יאָרן. דער דאָזיקער פאַריין האָט אַריינגעשריבן א רומרייך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון קאַמף, וואָס דער לאָדזשער פּראָלעטאַריאט האָט געפירט. דער פאַריין האָט זיך געפונען אונטער דער אויסשליסלעכער קאָמוניסטישער השפּעה. כ'האָב פערזענלעך גוט געקענט די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג: זדזיעכאָווסקי — פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג, לענאַרטאָווסקי — פאַריינס=סעקרעטאַר, שוין אן עלטערער מענטש, מיט גרויסע שוואַרצע וואָנצעס. א קלוגער שמייכל האָט שטענדיק באַשיינט זיין אַזוי אויך סימפּאַטיש פנים; מאַריאַן סימאראווסקי, פאַרוואַלטונגס=מיטגליד. אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן מיר צוזאַמען געאַרבעט אין מאַגיסטאָראָסק, נו און אונדזער אומפאַרגעסלעכער טוביה אייזען. וועגן אים וועט מיר נאָך אויסקומען צו שרייבן.

## זיי האָבן דערפילט, אַז ס'איז געקומען זייער שעה

האָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען ביי דער אַרבעטערשאפט אין אונדזער פאַריין, דאָס הייסט אויף דער יידישער גאַס, איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אין א פיל גרעסערן מאסשטאַב פאָרגעקומען אין די גרויסע פאבריקן. נאָך דער פאראייניקונג פון דער פראָפ. באַוועגונג האָבן די אַרבעטער דערפילט, אַז ס'איז געקומען זייער שעה. די אַרבעטער האָבן גענומען אַלץ דרייסטער פאָדערן דאָס צוריקשטעלן די רעכט פון פאבריקס=דעלעגאַטן, צוריק איינפירן דעם ענגלישן שבת, ווו ער איז אָפּגעשאַפט

געוואָרן, אָפּשאַפן דעם שענדלעכן מנהג צו רעווידירן פרויען ביזן אויסטאָן נאַקעט ביים פאַרלאָזן די אַרבעטס־שיכט און דער עיקר — א לוין־העכערונג, וואָס איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע פאָדערונגען.

שוין אין 1935 און אין אָנהייב 1936 יאָר האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען צווישן די פאָרשטייער פון דער טעקסטיל־צענטראַלע, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען דער פּעפּעסישער טוער — אליין א פּאַביאַניצער וועבער — אַנטאָני שטשערקאָווסקי, ווי אויך פאָרשטייער פון די באַזונדערע פאַריינס־אָפּטיילונגען — מיטן פאָרשטייער פונעם פאַרבאַנד פון די אינדוסטריעלער וויעזשביצקי. די מיטעלע אינדוסטריעלער זענען געווען רעפּרעזענטירט דורכן פאַבריקאַנט גאָלדלוסט.

די פאָרשטייער פון די פאַבריקאַנטן זענען געווען גרייט איינצוגיין אויף געוויסע פאָדערונגען פון די אַרבעטער פון א שטייגערישן כאַראַקטער, דאַקעגן, ווען עס איז געקומען צום עיקר־פּונקט — צו דער לוין־העכערונג, — האָבן זיי בכלל נישט געוואָלט הערן. וואָס שייך אָפּהיטן דעם קאָלעקטיוו אָפּמאַך — האָבן זיי געטענהט — איז דאָס א פראַגע, וואָס יעדער פאַבריקאַנט דאַרף אינדיווידועל דעצידירן.

אין דער לאָדזשער פּרעסע האָבן פון צייט צו צייט זיך באַוויזן נאָטיצן וועגן די אונטערהאַנדלונגען. די „רעפּובליקאַ“ איז געווען אין די הענט פון די פּאָזנאַנסקיס און דער „גלאָס פּאָראַנני“ — אין די הענט פונעם „קעניגרייך“ וואָס האָט זיך גערופן „ווידזעווער מאַנופאַקטור“ — די קאָהנס. אגב האָט דער אַלטער קאָהן געהאַט א שוואַכקייט צום שרייבן, און דווקא איבער פילאָזאָפישע טעמעס. צו דעם צוועק האָט ער אפילו אַראָפּגעבראַכט צו זיך דעם יידישן פילאָזאָף און שרייבער הלל צייטלין, וואָס האָט אים געדאַרפט העלפן ביים אַרויסגעבן א „גרויס“ בוך. פאַרשידענע פליאָטקעס זענען דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אין אונדזער שטאָט, אין די קאַוויאַרניעס. די יידישע ליטעראַרישע באָהעמע, וואָס איז יעדן אָוונט געקומען אין דער קאַפע „אַסטאָריא“ אויף ראָג פּיעטריקאָווער און צעגעלניאַנע, האָט נישט ווייניק אַנעקדאָטן געשאַפן וועגן דער מעשה אשר קאָהן, וואָס האָט דווקא געוואָלט באַגליקן די מענטשהייט מיט א „ווערק“. אָבער וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין זיינע פאַבריקן, וועט מען באַלד געוויר ווערן דערפון, וואָס די אַרבעטער־פאָרשטייער האָבן דערציילט אויף דער דעלעגאַטן־קאָנפערענץ ערב דעם טעקסטיל־שטרייק. ס'האָט זיך ממש געפילט אין דער לופט, אז א שטרייק איז אומפאַר=

מיידלעך. ניט בלויז פאַריינס=טוער און פּאַרטיי=אַקטיוויסטן זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז דער שטרייק צווישן די פּאָרשטייער פון די אַרבעטער און אינדוסטריעלער וועט דעצידירט ווערן נאָר דורך אַן אַלגעמיינעם שטרייק. אין אַ ריי פאַבריקן זענען שוין אפילו אויסגעוויילט געוואָרן שטרייק=קאָמיטעטן. די אַרבעטער אין די פאַבריקן האָבן שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן טאָג, ווען דער שטרייק וועט פּראָקלאַמירט ווערן, בפרט, אַז אין משך פון יאַנואַר=חודש און פעברואַר זענען פאָרגעקומען אַ ריי קאָנפערענצן פון די אַרבעטער=דעלעגאַטן, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַן אַלגעמיינעם שטרייק. אָבער דעצידירנד איז געווען די קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 2=טן מערץ. איר פאַרלויף איז מיר פאַרבליבן אין זכרון.

דאָס איז געווען אַ קאָנפערענץ פון אַ ל ע פאַבריקס=דעלעגאַטן און פאַרטרויענס=מענער מיטן אָנטייל פון די פאַרוואַלטונגס=מיטגלידער פון אַלע טעקסטיל=אָפּטיילונגען פון די קלאַסן=פאַריינען. אויף דער קאָנפערענץ זענען אויך אָנוועזנד געווען פאָרשטייער פון דער טעקסטיל=צענטראַלע, דערונטער שטשערקאָווסקי. ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און דער פאַריינס=לאָקאַל אויף פאָדלעשנע איז פול געוואָרן מיט דעלעגאַטן.

אויף דער קאָנפערענץ האָט מען געקאָנט זען וועטעראַנען, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם דערנער=וועג פון סיביר און קאַטאָרגעס — דעם אַלטיטשקן וואָרובלעווסקי, דעם קליינינקן און דאַ"ן, מיט צוויי לאַנגע וואָנצעס. זיין זון באָלעק איז געווען טעטיק אין קאָמוניסטישן יוגנט=פאַרבאַנד אין לאָדזש אין די צוואַנציקער יאָרן; ס'איז געווען העמפּינסקי, דער געוועזענער מיטגליד פון ספּאַרטאַקוס=בונד; קראַוויעץ, דזיענטשעלסקי; חברים פון יינגערן דור — שקודלאַרעק, מאַריאַן דעמבסקי. איך האָב דערווייל פאַרפירט אַ שמועס מיט טוביה אייזען, געכאַפּט אַ פרישן וויץ. דערויף איז ער געווען אַ מייסטער. פּלוצים האָב איך געהערט, ווי מ'רופט אויס מיין נאָמען — דאָס האָט מען מיך פאַרבעטן אין פּרעזידיום, אין וועלכן עס זענען איינגעלאַדן געוואָרן פאָרשטייער פון אַלע אָפּטיילונגען: פון דער „פאַבריטשנע" — קוקולסקי, אַ פּעפּעסאָוויעץ — דעלעגאַט פון זילבערשטיינס פאַבריק; ער האָט געפירט דעם פאָרזיץ אויף דער קאָנפערענץ; פון דער לינקער ריכטונג — ביעדזיעלסקי; פון זייד=פאַריין — זדזיעכאָווסקי און סומאַראָווסקי. פון דער 7=טער אָפּטיילונג איז אויך איינגעלאַדן געוואָרן שיפּערבלאַט — אַ קראַפּט=וועבער.

כאַראַקטעריסטיש איז געווען דער פאַקט, וואָס אין פּרעזידיום
האָבן זיך נישט געפונען קיין פאַריינס=פונקציאָנערן. אַ שטייגער גאַלינסקי,
פאַריינס=פונקציאָנער פון דער „פאַבריטשנער" אָפּטיילונג, וועלכער פלעגט
שטענדיק אויף די קאָנפערענצן פאַרנעמען דעם אויבן=אָן, האָט זיך דאָס
מאָל געהאַלטן אין דער זייט. אויך דער בונדאָווער שמואל מילמאַן,
דער פאָרשטייער פון קולטור=אַמט און מיטגליד פון דער טעקסטיל=צענ=
טראַלע, האָט זיך נישט געפונען אין פּרעזידיום. מיט איין וואָרט —
די קאָנפערענץ איז באַהערשט געוואָרן פון דער ערשטער מינוט אָן
דורך מענטשן געקומענע דירעקט פון די פאַבריקן. דער אייגנהייטס=
גייסט, די אויסגעטרוימטע דורך אַלעמען אַרבעטער=סאָלידאַריטעט האָט
באַהערשט די הערצער און מוחות פון אַלע פאַרזאַמלטע.

דאָס ערשטע מאָל, נאָך לאַנגע יאָרן צעשפּליטערונג אין די אַרבע=
טער=רייען, זענען דעם אָוונט געזעסן ביי איין פּרעזידיום=טיש פּעפּעסאָוו=
צעס און קאָמוניסטן, בונדיסטן און דייטשישע עס=דע=מיטגלידער. אָט
דער אייגנהייטס=גייסט האָט געגעבן די פולע זיכערקייט, אַז דער שטרייק,
וואָס איז דעם אָוונט פּראָקלאַמירט געוואָרן, וועט זיין אַ זיגרייכער. די
צערייצטע אַטמאָספער פון אַנטאַגאָניזמען, וואָס פלעגט הערשן אין די
פריערדיקע צייטן, איז דאָס מאָל פולשטענדיק פאַרשוואונדן. דער אייגנהייטס=
פראָנט, וואָס איז דורך די קאָמוניסטן אויסגעשמידט געוואָרן אין דער
טאָג=טעגלעכער אַרבעט אויף די פאַבריקן, די פּאַראייניקונג פון די
צעשפּליטערטע פאַריינען, צו וועלכער די קאָמוניסטן האָבן געשטויסן און
דערפירט, גייענדיק אויף די ווייט גרעסטע קאָמפּראָמיסן אין די פראַגן
פון דער צאָל פון זייערע פאָרשטייער אין די נייע פאַראייניקטע פאַריינס=
אינסטאַנצן — דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ נייע פּאָליטישע סיטואַציע פאַרן
פּראָלעטאַריאַט, זייער שטאַרק געהויבן זיין קאַמפס=גרייטקייט.

שטשערקאָווסקי האָט אָפּגעגעבן אַן אויספירלעכן באַריכט פון די
אונטערהאַנדלונגען מיט די פאַבריקאַנטן. ער האָט דערציילט וועגן זייער
נעגאַטיוון ענטפער אויף דעם עיקר=פּאָסטולאַט פון די אַרבעטער, וועגן
אַ לוין=העכערונג.

ס׳האָבן גענומען וואָרט דעלעגאַטן פון די פאַבריקן. אָט רעדט אַ
דעלעגאַט פון פּאָזנאַנסקיס פאַבריק. די דאָזיקע פאַבריק איז אין די
פאַרגאַנגענע יאָרן געווען אַ פעסטונג פון פינצטערניש און אָפּגעשטאַנע=
נקייט. אויסער דער פּיעכאָטקווע פון דער כאַדעציע האָט פריער קיין שום

פֿאָרשטייער פֿון די קלאַסן־פֿאַרייינען נישט געהאַט קיין צוטריט צו דער פֿאַבריק... „אָט ווי ציימען ענדערן זיך" — האָט מיר איינגערוימט אין אויער שיפּערבלאַט, וואָס איז געזעסן לעבן מיר.

ס'נעמט אַ וואָרט אַ דעלעגאַט פֿון ווידזעווער מאַנופֿאַקטור.

— חברים! צי ווייסט איר, אַז ביי אונדז אין דער פֿאַבריק פֿאַרדינט נישט קיינער דעם מינימום־לוין, וואָס עס זעט פֿאָר דער קאָלעקטיווער אָפּמאַך. ווען די דירעקציע וויל, מאַכט זי צו געוויסע אָפּטיילן, נישט פֿרעגנדיק ביי קיינעם קיין דעה, נישט אויסצאָלנדיק דעם אַרבעטער קיין שום אַנטשעדיקונג! און אַפֿילו דעם אָרעמען געהאַלט, וואָס מיר פֿאַרדינען, באַקומען מיר נישט אויסגעצאָלט מזומן; מיר באַקומען אָנשטאָט געלט — באָנעס, פֿאַר וועלכע מיר זענען געצוווּנגען צו קויפֿן פּראָדוקטן נאָר אין קאָהנס „קאָנסומען". מיר ווערן באַגנבעט און באַגזלט אויף טריט און שריט... — אין זאַל ווערט אַ באַוועגונג. עס הערן זיך צווישנרופֿן פֿון אַרבעטער, אַז ביי זיי איז אַן ענלעכע לאַגע. ווען ס'ווערט שטיל, זעצט ווייטער פֿאָר דער רעדנער. — צי ווייסט איר, חברים, אַז אין דער שפּינערײַ זענען באַשעפֿטיקט מינדעריעריקע מיידלעך, כמעט נאָך קינדער; זיי אַרבעטן פֿאַר נישטיקע גראָשנס...

שרייבנדיק אָט די שורות מיט 25 יאָר שפּעטער, איז זיך שווער פֿאָרצושטעלן, אַז קליינינקע קאָמוניסטישע פּאַרטיי־קעמערלעך אויף די פֿאַבריקן זאָלן האָבן אָפּגעשפּילט אַזאַ ריזיקע ראָל. אָבער ס'איז אַ פֿאַקט, אַז אין אַזעלכע גרויסע פֿאַבריקן, ווי שייבלער און גראָמאַן, גייער און פּאָזנאַנסקי, ווידזעווער מאַנופֿאַקטור, וווּ אין יעדער איינער פֿון זיי זענען געווען באַשעפֿטיקט טויזנטער אַרבעטער — האָבן עטלעכע טרייע, מסירת־נפֿשדיקע פּאַרטיי־מיטגלידער באַוויזן צו באַוועגן ריזיקע מאַסן און אויפֿהייבן זיי צום קאַמף קעגן זייערע דירעקטע אויסנוצער, ווי קעגן דער אַלטער וועלט בכלל.

זענען דאָך נישט אַלע, וואָס זענען אַרויסגעטראָטן אויף דער קאָנפֿערענץ געווען פּאַרטיי־מיטגלידער אָדער סימפּאַטיקער פֿון דער לינקער ריכטונג. איך האָב געפֿרעגט טוביהן: „פֿון וואַנען אַזויפֿיל באַגייסטערונג?" טוביה האָט זיך אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט. ווי שטענדיק, האָט ער אויף זיין שטייגער געענטפֿערט: — „ווייסט דאָך, קיין שום זאַך אין דער נאַטור גייט נישט פֿאַרלוירן. דאָס איז, גוטער ברודער, קלאַסן־באַוווּסטזיין. דאָס איז אַ פּראָדוקט פֿון אָנגעזאַמלטער אויפֿקלערונגס־אַרבעט דורך



מיעטשיסלאַוו זדזיעכאָווסקי (מיעטעק), מיטגליד פון שטרייק־קאָמיטעט,
פאָרשטייער פון דער לינקער ריכטונג

מסירת-נפשדיקע מענטשן — דאָס איז א פּראָדוקט פון צענדליקער יאָרן רעוואָלוציאָנערע ארבעטער-טראַדיציע".

ווען מ'איז צוגעקומען צום פּונקט וואלן פון א שטרייק-קאָמיטעט, האָב איך פּשוט געגאַפט: פון וואַנען אזא באהאַונטקייט און אָריענטאַציע ביי מענטשן פאַר וועמען צו שטימען, וועך וועט זיין די פּאַסיקסטע פּערזאָן אויף צו פאַרטיידיקן צומווירדיקסטן די ארבעטער-אינטערעסן; זענען דאָך געווען איבער פיר הונדערט פּערזאָן אויף דער קאָנפערענץ!

אין צענטראַלן שטרייק-קאָמיטעט זענען אויסגעוויילט געוואָרן 12 ליטקע, 9 פּעפּעסאָוועצעס און 13 אומפּאַרטייאישע. ווען דעם 6-טן מערץ ווערט פּראָקלאַמירט דער שטרייק אין דער גאַנצער לאָדזשער אומגעגנט דאַן ווערן אויפן פאַרלאַנג פון די קאָמוניסטן אויסגעוויילט אין צ. ש. ק. נאָך 37 פּערזאָן. פון די וויכטיקסטע קאָמוניסטישע דעלעגאַטן ווערן געוויילט אין צענטראַלן שטרייק-קאָמיטעט: מיעטשיסלאַוו זדזיעכאָווסקי, קאַזשימיעזש וויטאַשעווסקי, סומאַראָווסקי, טוביה אייזען, העמפּינסקי. איך און שיפּערבלאַט ווערן געוויילט אין שטרייק-קאָמיטעט מצד דעם יידישן טעקסטיל-פאַריין. סעקרעטאַר פון שטרייק-קאָמיטעט איז געווען דער פּעפּעסאָוויעץ קוקולסקי.

אַזוי אַרום איז דער שטרייק געוואָרן אַ געשעענער פאַקט. פאַר אונדז מיטגלידער פון פּאַרטיי-עקזעקוטיוו, ווי אויך פאַר דער פאַרוואַלטונג פון טעקסטיל-פאַריין, אָגראָדאָווע 9, איז געשטאַנען די אויפגאַבע: לאָזן זיך איבער די באַלוטער געסלעך און אַלטשטאָט, אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער, צעוואָרפענע איבער קלענערע און גרעסערע פאַבריקלעך, איבער וואַרשטאַטן, וווּ ס'זענען געווען באַשעפטיקט צו עטלעכע פּערזאָן אין יעדן.

לאָקאַלע שטרייקן ביי געוויסע מייסטער, ביי פאַבריקאַנטלעך אָדער שטרייקן אפילו אין גאַנצע פאַכן אָרגאַניזירטע ביים יידישן טעקסטיל-פאַריין זענען נישט געווען קיין נייעס. ס'פלעגט אָפט טרעפן, אַז ביי אַזעלכע קאָנפליקטן האָט זיך געפונען אַ טייל אָפּגעשטאַנענע עלעמענטן, וואָס זענען נישט גערן צוגעשטאַנען צום שטרייק אָדער אפילו געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. דער אַקטיוו ביים טעקסטיל-פאַריין פלעגט פיל מי און ענערגיע פאַרווענדן אויף צו געווינען די עלעמענטן פאַרן פאַריין, באַוועגן זיי צו קומען אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען. ס'פלעגט אויך קומען צו צוזאַמענשטויסן און געשלעגן מיט שטרייקברעכער. כמעט אין יעדן פאַך פלעגן זיך געפינען אַזעלכע פאַרשוינען, פון וועלכע מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין נישט ווייניק צרות. זיי פלעגן אין פיל פאַלן נעמען צו הילף

אונטערוועלט־לייט. אָבער עס פֿלעגן אויך טרעפֿן פֿאַלן, ווי די מעשה מיט בלעמס אייזל: געוויסע אונטערוועלט־מענטשן פֿלעגן צוליב פֿאַרשידענע סיבות זיך שטעלן אויף אונדזער זייט. ביי די שטריקער איז אַמאָל געשען אַזאַ מעשה: אַ געוויסער קליינער מאַניעק — אַ „העלד" אַזוינער — איז געררופֿן געוואָרן צו הילף די שטרייקברעכער, און יענער האָט גאָר אָנגע־בראָכן די ביינער זיינע בלומרשטע „פּשיאַטשעלעס".

## איבער געסלעך פֿון באַלוט

נאָר דאָס מאָל איז די לאַגע געווען אַ גאַנץ אַנדערע. באַלד צוזאָמענגענם האָט די ידיעה וועגן שטרייק זיך בליץ־שנעל פֿאַנאַנדערגעטראָגן איבער דער גאַנצער שטאָט. איידער מיר האָבן באַוויזן צו רופֿן די פֿאַך־קאָמי־סיעס אויף צו באַטראַכטן די אופֿנים פֿון אָרגאַניזירן די אַרבעטער צום שטרייק, האָבן זיך שוין געגומען באַווייזן אין פֿאַריין גרעסערע גרופּן אַר־בעטער, וואָס האָבן דערקלערט זייער גרייטקייט אויף גיין אָפּשטעלן די אַרבעט.

אַלס געוועזענער באַלוטער וועבער האָב איך מיט נאָך עטלעכע חברים געמאַכט אַ שפּאַציר איבער באַלוטער געסלעך. דאָס כאַראַקטעריסטישע קלאַפּן פֿון די וועבשטולן האָט זיך כמעט נישט געהערט. ווען מיר זענען אַרויסגעקומען אויפֿן גרויסן הויף אַלעקסאַנדער 24, האָט פּשוט געררויישט ווי אין אַ בינשטאָק, — אַלץ איז געווען אויפֿן הויף, געשטאַנען אַרום דער פּלומפּ און דיסקוטירט. דער הויף האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ מין קליין יידיש מלוכהלע. אַלע האָבן דאָ געלעבט פֿון וועבעריי. דאָס אַלטע יידישע בית־הקברות האָט זיך געגרענעצט מיט דעם הויף.

אין דער רעכטער אָפּיצינע האָט געוווינט דער אַלטער האָלצמאַן (יאַנקל רבי). אַלע זיינע פֿיר זין זענען געווען קאָמוניסטן. מיט צוויי שטאָק העכער — די ברידער ראָזענזאָנס — בונדיסטן און קאָמוניסטן, אויפֿן דריטן שטאָק, העגעך קאָנסטאַנטינער — אַלע זין קאָמוניסטן; קעגן איבער, דער אַלטער וואָלף, זיינע זין אויך בונדיסטן און קאָמוניסטן. בעת סיים־וואַלן פֿלעגן אויף דעם הויף פֿאָרקומען ריזיקע וואַל־מיטינגען. געגנוג געווען זיך אַוועקצושטעלן אויף דער פּלומפּ און וואַרפֿן עטלעכע לאָזונגען, און דער הויף איז געווען פֿול. פֿון אַלעקסאַנדער גאַס זענען מיר דורכן באַלוטער מאַרק אַריין אין דער לאַגעווניצקע. די גאַס איז

געווען פול מיט מענטשן, קוים זיך אַדורכצושטופּן. דאָס איז געווען איינע פון די באַלעבאַטסטע גאַסן אין באַלוט. אין עק לאַגעווניצקע און בזשעזשינער גאַס האָט זיך געפונען יונה פּילצערס פּלאַץ. דאָ איז אָנגעגאַנגען אַ האַנדל מיט גרינוואַרג. גאַנצע טעג און נעכט זענען געגאַנגען וועגן אָנגעלאָדן מיט פרוכטן אַריין און אַרויס, דער רעש און די געשרייען האָבן פאַרהילכט די גאַנצע געגנט. ערשט די פליישיאַטקעס עק פעפער=געסל און לאַגעווניצקע, דער ריח פון אַלט פלייש און פאַרלעגענע פרוכטן האָט זיך געטראָגן העט ווייט. אַזוי זענען מיר צוגעקומען צום סאַמע „פּעמפּעק" פון באַלוט — עק פעפער=גאַס און מלינאַרסקע. דאָ האָבן מיר געטראָפן פיל באַקאַנטע חברים. דאָ איז געווען אַ מין זאַמל=פּונקט פון אייביקע יאָרן אָן, וווּ ס'פלעגן זיך טרעפן באַלוטער וועבער, זאָקנמאַכער און בעקער=אַרבעטער. יעדן שבת אינדערפרי פלעגן זיך אויף דעם אָרט טרעפן טויב=שטומע יינגלעך און מיידלעך און שליסן שידוכים...

דאָס פעפער=געסל, מלינאַרסקע, ס'שמאָלע געסל (בערעק יאָסעלעוויטש) זענען געווען געדיכט באַוווינט פון יידישע וועבער, זאָקנמאַכער און אַנדערע באַלמעלאָכעס. דעריבער איז דאָס אָרט עק פעפער=גאַס און מלינאַרסקע געווען דאָס פּאַסנדיקסטע אויף אָפּצוהאַלטן מאַסוווקעס, מיטינגען בעת סיים= אָדער שטאָטראַט=וואַלן. ס'איז געווען געווען אַריינצוגיין אין קראַמערס הויף (מלינאַרסקע 8), וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קליין שטעטל, וואַרפן עטלעכע לאָזונגען און דער הויף איז פול געוואָרן מיט מענטשן — פּאָליציי האָט נישט גערן דאָ געוואָלט זיך באַווייזן...

עלטערע חברים פלעגן דערציילן, אַז אויך אין די יאָרן 1905—1907 פלעגן זיך דאָ זאַמלען יידישע אַרבעטער. פון אָט דעם אָרט פלעגן אַרויסמאַרשירן יידישע אַרבעטער און צוזאַמען מיטן פּוילישן פּראָלעטאַריאַט בויען געמיינזאַם באַריקאַדן.

צווישן די באַלוטער וועבער האָט די לינקע פּראָפ. ריכטונג פאַרמאָגט פיל טריי=איבערגעגעבענע חברים, אַ גרויסער טייל פון זיי — דערצויגענע, אויסגעוואַקסענע אין די רייען פון קאָמוניסטישן יוגנט=פאַרבאַנד. זינט 1923 י. האָט דאָ עקזיסטירט אַ באַדייטנדיקע לינקע יוגנט=גרופּע, וואָס פון אירע רייען ס'זענען אַרויסגעקומען אַזעלכע אַקטיוויסטן, ווי די ברידער האָלצמאַן, אַנטשל מאַק, אַנטשל גאָלדרינג — אומגעקומען בעת די שלאַכטן הינטער לענינאָ, שמואל פּאַסטערנאַק, נאַטע קאַלינסקי, שמולעק לעוו, שלמה גאָלדפאַרב (באמבולע). פון עלטערן דור זענען פון באַלוט געקומען אַזעלכע אַקטיוויסטן, ווי דער געלער ראָזענפאַרב — אַמאָל,



קאַזשימיעזש וויטאַשעווסקי, מיטגליד פון שטרייק־קאָמיטעט,
פאָרשטייער פון דער לינקער ריכטונג

אין 1905 געהערט צו אַ יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע ביי דער פּפּס, יוסף באָרנשטיין, געוווינט אויף זאַווישע 7, די ברידער גאָלדבערג, דוד לאַפּער. ביי די כאָדניקעס־וועבער — שולעוויטש. דאָס זענען געווען, כ׳וואָלט געזאָגט, געשווירענע מענטשן — שטענדיק גרייט אויף יעדן רוף פון דער פּאַרטיי.

ווען ס׳איז שוין אַ רייד וועגן באַלוטער וועבער, וועגן מענטשן, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אין דעם שטאָט־טייל פון פּוילישן מאַנטשעסטער, ווו כמעט יעדער פאַבריקאַנט, איידער ער איז אַרויסגע־שווומען אויף די ברייטע וואַסערן, האָט זיין רייכטום־קאַריערע געשעפּט פון די קוואַלן — פון דער באַלוטער נויט, בעט זיך ממש צו דערמאָנען די נעמען פון אַלעמען גוט באַקאַנטע אין דער באַלוטער סביבה מענטשן:

שימעל. זיטנער. ווען איך האָב אין 1923 יאָר אָנגעהויבן קומען אויף פאַרזאַמלונגען פון דער אַזוי גערופענער רויטער פראַקציע, האָב איך אָט דעם מענטש געטראָפן שוין דעמלט אַלס גרויען, אַלטן מאַן. ער איז געווען אַ שטענדיקער איינגייער אין בעקער־פאַריין אויף לאַגעוו־ניצקע 4. פון אים און פונעם קליינעם אייזיקל האָט מען זיך אָנגעהערט וווּנדערלעכע מעשיות וועגן בלוטיקן מיטוואָך, וועגן דעם גרויסן ברידער־קבר אויף פּאָלעשיע, הינטער לאָדזש, ווו די צאַרישע פּאָליציי האָט באַ־גראָבן איבער הונדערט קעמפער — יידן און פּאָליאַקן, מענער און פרויען, אומגעקומענע אין די באַריקאַדן־קאַמפן. וועגן פיל פון די אומגעקומענע האָבן זיי דערציילט ווי פון פערזענלעך גוט באַקאַנטע; זיי האָבן דער־ציילט וועגן דער לעגענדאַרער העלדישער פרוי — די שוואַרצע אסתר.

דאָס קליינע צווילעכל — אַ קליין, דאַר מענטשל מיט אַ שפּיציק צוגעשוירן בערדל. ס׳גאַנצע לעבן פאַרבראַכט אין באַלוט. אויך אים האָב איך דערקענט אין 23־טן יאָר. ער האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן לינקע אויסגאַבן; ער פלעגט פשוט גיין פון שטוב צו שטוב און פאַרקויפן לעגאַלע און אומלעגאַלע צייטונגען, שטענדיק געטראָגן אונטערן מאַנטל אַ פּעקל אויפרופן. אַזוי איז ער טאַקע פאַרהאַלטן גע־וואָרן דורך אַ שפּיצעל און אָפּגעזעסן אַ תפיסה־אורטייל פון צוויי און אַ האַלב יאָר. געלעבט אין שטענדיקער נויט, זעלטן ווען געאַרבעט, פשוט צוליב זיין פיזישער שוואַכקייט. יעדן טאָג פלעגט ער באַקומען אַ לעבל ברויט פון זיין ברודער, וואָס האָט געהאַט אַ בעקעריי אויף פּאָמאָרסקע־גאַס.

ד אָ ס ק ל יי נ ע ב ע ר ע ל ע. ווער האָט אים נישט געקענט אין באַלוט? זיין פאַמיליע־נאָמען האָט כמעט קיינער נישט געוווּסט, אי־בעריקנס, צו וואָס? ס׳קליינע בערעלע און גענוג. ער האָט ליב געהאַט צו טרייבן ליצנות. נו, געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אויך אים ליב געהאַט צו נעמען אויפן צימבל, מחמת דעם וואָס ער פלעגט נאָך טראָגן דעם חסי־דישן לבוש. מען פלעגט אים אַ פרעג טאָן: — בערעלע, שיקסט נאָך דיין ווייב אין מקווה אריין? — אַז ער פלעגט אין די צוואַנציקער יאָרן אַראָפּקומען אויף שייבלערס מאַרק, אויף אַ מיטינג פון קאָמוניסטישן סיים־דעפּוטאַט קרוליקאָווסקי אָדער לאַנצוצקי, פלעגט ער אַרונטעררוקן דאָס רונדיקע הימעלע אונטערן מאַנטל און פון גרויס התלהבות זיך צעשויבערן...

ט ר אָ צ ק ע ל ע. אויך זיין ריכטיקן נאָמען האָט זעלטן ווער גע־ווּסט. צוליבן ענלעכן אויסזען ווי טראָצקי האָט זיך געגומען דער צונאָמען. ער פלעגט שטענדיק קומען אויף פאַרזאַמלונגען פון דער לינקער ריכטונג; אַ געוויסע צייט געהערט צו דער פּאַרטיי. נישט געווען קיין שטרייק אין באַלוט, ווו ער זאָל נישט זיין דער ערשטער. דאָס זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן זיך נישט געריכט פון באַלוט, אָפּגעפּיגצמערט אַ לעבן לאַנג אונטערן וועבּ־שטול און געחלומט וועגן אַ שענערן מאָרגן, וועגן אַ צו־קונפט, וואָס קאָנען זיך נאָר אויסמאָלן מענטשן געבוירענע און דערצוי־גענע אין שווערער נויט.

ווען ס׳איז שוין אַ רייד וועגן מענטשן, וואָס האָבן געלעבט און גע־האַט אַ ווירקונג אין דער באַלוטער סביבה, איז כדאי צו דערמאָנען די ברידער גאָלדשטיין — יעקב־יוסף און שלמה־זלמן. זיי האָבן געוווינט אין אַ מין בוידעם־שטוב אויף בזשעזשינער גאַס, דאַכט זיך, נומער 15, אויפן דריטן שטאָק.

י ע ק ב ־ י ו ס ף (ס׳ ר אָ נ ט ש ק ע ל ע) איז געווען פאָרזיצער פון דער פאַך־קאָמיסיע פון באַלוטער וועבער, איינער פון די עלטסטע אַרבעטער־טוער אין באַלוט, אַ בונדיסט. אויך דער מענטש איז נישט אַריבערגעטראָטן די דלד־אמות פון באַלוט און אַלטשטאָט. פון פריוואַטן לעבן אַן אָפּגעלאָזענער, אָן שום פאַמיליע, אָבער זייער אַן ערלעכער מענטש. דערפאַר אָבער דער ברודער זיינער שלמה־זלמן איז אויסגעווען אַ וועלט: געווען אין לאָנדאָן, פּאַריז, בערלין. בעת דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד געווען אין מינסק און אַנדערע שטעט, ווו ס׳האָבן געלעבט

גרויסע יידישע מאַסן, געקענט אַלע פילאָזאָפישע סיסטעמען, געקענט פון אויסנווייניק די קלאַסיקער פון דער וועלט־ליטעראַטור, ציטירט געטען און היינען. און נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז אויסגעוועזן אַ וועלט, האָט ער אויסער יידיש קיין אַנדער שפּראַך נישט געקענט. ער פלעגט האַלטן פאָרלעזונגען. זיינע רעפעראַטן זענען געווען זייער גייסטרייך — ס'רוב איבער ליטעראַטור און פילאָזאָפיע. זיין באַציונג צו פאַרטייען איז געווען אַ מאָדנע. אַמאָל, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ער געווען אַן אַנאַרכיסט, עטלעכע חדשים געהערט צום „בונד“, שפּעטער ווערט ער אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, דערנאָך — ווידער אַ בונדיסט. דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געטראָפן אין 1939 יאָר, האַרט פאַרן אויסברוך פון קריג.

באַלוט האָט זיך נישט געהאַט וואָס צו שעמען מיט אירע העלדן. באַלוטער אַרבעטס־מענטשן האָבן אויסגעפילט די יידישע טעאַטערס, געווען אָפּנעמער פון יידישע צייטונגען און ביכער, כאָטש דער דלות האָט געפייפט כמעט אין יעדער שטוב. באַלוטער יידישע אַרבעטער זענען געווען גוטע „געסט“ אין דער תפיסה אויף גדאַנסקע 13.

* * *

נאָך קיינמאָל האָט קיין שטרייק־קאַמפּאַניע אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס נישט אָנגעטראָפן אויף אַזאַ גינסטיקן באָדן, ווי דאָס מאָל — דאָס הייסט אין מערץ 1936.

וואָס אַן אמת, איז די צייט פאַר אַ שטרייק פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט נישט געווען קיין איבעריק גינסטיקע, פאַר אַ טייל פאַכן איז נישט געווען אפילו קיין פולע באַשעפטיקונג. ביי די שטריקער און הענטשקע־מאַכער, אַ שטייגער, איז געווען ווייט נאָכן סעזאָן. אין טריקאָפאַך איז געווען ווייניק אַרבעט. ביי די וועבער אין באַלוט איז אויך נישט געווען קיין סך צו טאָן, איבערהויפּט האָט די האַנט־אַרבעט גענומען פאַרשווינדן ווערן.

דער ייִנגערער אַרבעטער־עלעמענט האָט זיך דורך פאַרשידענע אופנים איבערגעטראָגן אין דער גרויסער מעכאַנישער פאַבריק, ווו די אַרבעטס־באַדינגונגען זענען אין פאַרגלייך מיט באַלוט געווען פאַרהעלטנישמעסיק בעסערע. דאָך האָבן אַלע געוואָרפן די אַרבעט. די אידעע פון אַרבעטער־סאָלידאַריטעט האָט אויך דאָ גענומען די אויבערהאַנט. דאָס מאָל האָט דער שטרייק ביי די יידישע פאָלקס־מאַסן בכלל געהאַט אַ גאָר וויכטיקע באַדייטונג.

זייער שווערע צייטן האָט איבערגעלעבט די יידישע באַפעלקערונג אין פוילן. איבער שטעט האָבן געבושעוועט די פאַשיסטישע באַנדעס, גאַנץ אָפט ביי דער אונטערשטיצונג פון געוויסע רעגירונגס-קרייזן. בלוטיקע עקסצעסן אויף יידן זענען געוואָרן אַ טאָג-טעגלעכע דערשיינונג. אין סיים זענען געגרייט געוואָרן אַ ריי אַנטי-יידישע געזעצן. יעדן טאָג האָבן די צייטונגען געבראַכט ידיעות וועגן בלוטיקע אָנפאַלן אויף די יידישע סטודענטן אין די אוניווערסיטעטן.

די יידישע מאַסן האָבן געזען זייערע באַשיצער אין רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער-לאַגער. האָבן דאָך די ענדעקעס נישט איינמאָל געמאַכט פרווון אַרויסצורופן אַנטי-יידישע עקסצעסן אין לאָדזש, אָבער דאָס האָט זיך זיי אין אַלגעמיין נישט איינגעגעבן. ביי יעדן פרווו אָנצופאַלן אויף יידן האָבן די באַנדעס אָנגעטראָפן אויף אַ ווירדיקן און דעצידירטן ווידערשטאַנד מצד דעם באַוווסטזיניקן טייל פון לאָדזשער פראָלעטאַריאַט.

ס'האָט אָנגעהויבן רייף ווערן דער געדאַנק פון שאַפן אַן אָרגאַניזירטע יידישע זעלבסטשוץ.

וויפל יידישע טעקסטיל-אַרבעטער האָבן אָנטיילגענומען אין שטרייק? מיר האָבן דעמלט געשאַצט מער ווייניק אויף אַזאַ אופן: קראַפט-וועבער, שטאָפּערינס, שערער, טרייבערקעס, באַשעפטיקטע אין פאַבריקן — אַן ערך 5 טויזנט; האַנט-וועבער, באַשעפטיקטע אין טיכער-פאַבריקן — טויזנט, האַנט-וועבער, באַשעפטיקטע אין באַלוט און ראַדאָגאָשטש, צוזאַמען מיט די לוין-וועבער — כאַלופניקעס, וואָס זענען צוגעשטאַנען צום שטרייק אָן פאָרבאַהאַלטן — 2 טויזנט. אין די איבעריקע פאַכן — 2 טויזנט, צוזאַמען — 10 טויזנט. ווען אָט די מאַסע וואָלט געווען קאָנצענטריט אויף איין אָרט, באַשעפטיקט אין איין פאַבריק, וואָלט אַזאַ אונטערנעמונג געווען געגליכן צו ווידזעווער מאַנופאַקטור.

די אָנפירערשאַפט פון דער לינקער ריכטונג האָט געהאַט פולע הענט אַרבעט. זיצונגען פון צענטראַלן שטרייק-קאָמיטעט זענען פאָרגעקומען אין די אָוונטן. יעדער מיטגליד פון שטרייק-קאָמיטעט האָט געהאַט צוגעטיילט אַ גרעסערע גרופע פאַריינס-אַקטיוויסטן, אָנגעצייכנט אַ באַשטימטן ראַיאָן אויף אָפּצוהיטן די פאַבריקן פון שטרייקברעכער. יעדער מיטגליד פון שטרייק-קאָמיטעט האָט באַקומען פון דער פאַריינס-קאַסע 1 זלאָטע אַ טאָג; דאָס האָט קוים געסטאַיעט אויף אַ גאָר באַשיידענעם מיטאָג. איך מיט שיפערבלאַטן האָבן געהאַט אַן אויפגאַבע אָפּצוגעבן באַריכטן

און אינפאָרמירן וועגן גאַנג פון שטרייק פאַר די יידישע אַרבעטער אויף פאַרזאַמלונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אויף אָגראָדאָווע 9. הגם אויף קיין אונטערהאַנדלונגען מיט די אינדוסטריעלער זענען מיר נישט געווען, דאָך זענען מיר געווען גוט אינפאָרמירט וועגן אַלץ, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אויף די קאָנפערענצן.

## רויטע פענער געהילטע אין קרעפ

אחוץ דעם שטרייק, וואָס האָט פאַרשלונגען פיל צייט, זענען נאָך פאָרגעקומען אַ ריי געשעענישן פון אַ גאָר וויכטיקער באַדייטונג. לוויות, וועלכע האָבן געטראָגן אַ בולטן פּאָליטישן כאַראַקטער. אַ וואָך נאָכן אויסברוך פון שטרייק איז געשטאָרבן דער קאָמוניסט קאָנראַד דאַברוס. דאָס איז געווען אַ חבר, וועלכער איז קראַנק געוואָרן אין תפיסה און אַרויס אויף דער פריי אויפן סמך פון דער אַמנעסטיע, וואָס איז דאָס יאָר דערקלערט געוואָרן אונטערן שטאַרקן דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג אין לאַנד און אויסלאַנד. אָבער נישט לאַנג איז אים באַשערט געווען צו פרייען זיך מיט דער פרייהייט. זיין טויט האָט אַרויסגערופן פאַרדראָס און צאָרן. דאָס איז נישט געווען קיין געוויינלעכער טויט. יעדער אַרבעטער האָט געוווסט, אַז דאָס האָט אים די תפיסה פאַרקירצט זיינע יאָרן. איז דעריבער געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך, וואָס די דאָזיקע לוויה האָט צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. העכער 20 טויזנט לאָדזשער טעקסטיל-פּראָלעטאַריער, מענטשן מיט פאַרשידענע פּאָליטישע איבערצייגונגען זענען געקומען אָפּגעבן כבוד דעם קאָמוניסט און דערמיט אויסדריקן זייער פּראָטעסט קעגן פאַרהאַסטן סאַנאַציע-רעזשים. די לוויה פון חבר קאָנראַד דאַברוס מיט רויטע פענער און רעוואָלוציאָנערע טרויער-לידער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקער איינהייטספראָנטיקער מאַניפעסטאַציע פון שטרייקנדיקן לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט.

מיר האָבן זיך אָבער נישט באַוויזן רעכט אומצוקערן פון דער דאָזיקער לוויה-דעמאָנסטראַציע, ווי ס'האָט זיך אונטערגערוקט אַ צווייטע. געווען איז עס אַזוי:

מיר האָבן זיך געגרייט צו די וואַלן פון אַ נייער פאַרוואַלטונג פון פאַריין אויף אָגראָדאָווע 9, וואָס איז געווען פאָרגעזען אויפן חודש אַפּריל. אונדזער פאַרטיי-עקזעקוטיווו האָט געמאַכט אַ ווענדונג צו דער

בונדישער פּאַרטיי־גרופּע ביים טעקסטיל־פֿאַריין וועגן אַרויסשטעלן אַ געמיינזאַמע ליסטע צו דער נייער פֿאַרוואַלטונג. צו דעם צוועק האָבן מיר באַשטימט אַ געמיינזאַמע טרעפֿונג, כּדי אַרומרעדן די אופֿנים, ווי אַזוי דורכצופֿירן די וואַלן צו דער פֿאַרוואַלטונג.

דער צוזאַמענטרעף איז פֿאָרגעקומען שבת אָוונט אין פֿאַריינס־לאָקאַל אויף אָגראָדאָווע 9. מצד דער לינקער ריכטונג זענען געווען אָנוועזנדיק: ח׳טע רבקה שינדער־וואיסקאָווסקאַ — פֿון פּראָפֿ. אָפּטייל ביים לאָדזשער קאָמיטעט פֿון ק.פּ.פּ., האָלצמאַן און איך — פֿון פּאַרטיי־עקזעקוטיוו פֿון פֿאַריין. מצד דעם „בונד“: פֿערגאַמענט — פֿאָרזיצער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג, זייער אַ קלוגער מענטש, האָט פֿאַרמאָגט פֿיל טאַקט; מאָרגענטאַלער, קריבוס און שוואַרץ.

שוואַרץ איז געווען דער פּאָליטישער טאָן־געבער מצד דער בונדישער גרופּע אויף די אונטערהאַנדלונגען. ער איז געווען אַ מענטש פֿון אַ יאָר דרייסיק, אַ בלאָנדער, הויכער וווּקס מיט אַ גאָר סימפּאַטישן אויסזען און דרייסטער האַלטונג. כאָטש ער האָט געהערט צום רעכטן פֿליגל פֿון „בונד“ (אַזוי גערופֿענע איינסער), דאָך האָט ער אין די צווישנפּאַרטייאישע באַציונגען אַרויסגעוויזן אַ סך אָביעקטיווקייט. זינט עס האָבן זיך פֿאַרבעסערט די צווישנפּאַרטייאישע באַציונגען אין טעקסטיל־פֿאַריין, האָבן מיר מיט אים דערליידיקט אַלע ענינים. ער איז געווען פֿון פֿאַך אַ שערער, געאַרבעט אין דער פֿירמע ראָזען—ווישליצקי. מיר זענען געקומען צו אַ הסכם וועגן דער פֿאַרוואַלטונג אויפֿן זעלבן אופֿן ווי ס׳איז געווען, ד. ה. אויף 9 פֿאַרוואַלטונגס־מיטגלידער האָבן די קאָמוניסטן באַקומען 4 פֿאָרשטייער.

ווי גרויס איז געווען אונדזער דערשטוינונג, ווען צומאָרגנס, דאָס הייסט זונטיק פֿרי, אַרויפֿקומענדיק אין פֿאַריין, זענען מיר געוויר געוואָרן — אַז שוואַרץ לעבט נישט. ביי וואָסערע אומשטענדן ער איז אומגעקומען, איז לכתחילה שווער געווען צו דערגיין. ערשט אַ צייט שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ זעלבסטמאָרד־פֿאַל אויפֿן ראָמאַנטישן באָדן. פֿאַרשטייט זיך, אַז צוליב זיין פּאָזיטיווער באַציונג צו אַלע אונדזערע איינהייטס־פֿאָרשלאָגן און טאַקטפֿולער אויפֿפֿירונג לגבי דער לינקער ריכטונג, האָבן מיר באַשלאָסן אָפֿיציעל אָנטיילצונעמען אין דער לויה.

אויף די לוויה איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן איינהייטס־מאַניפֿעסטאַציע. טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער האָבן אונטער די



כ״ל ראָזענבערג, קאָמוניסטישער סיים־דעפּוטאַט,
פּאָפּולערער טוער פון לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט

קלאַנגען פון אָרקעסטער מיט קרענץ און רויטע פענער מאַרשירט איבער אַלטשטאָט און באַלוטער גאַסן צום בית-עולם. ביים אָפּענעם קבר זענען אַרויסגעטראָטן: פון „בונד“ — סערגיי גוטקעוויטש, פערגאַמענט, זאַדקע פון פּפּס און איך פון דער לינקער ריכטונג. אין מיין אַרויסטרעטונג האָב איך אונטערגעשטראָכן די ראָל פון שוואַרצן טעקסטיל-פאַריין ביים פאַרווירקלעכן דעם איינהייטס-פראָנט.

אַ כאַראַקטעריסטישער פאַקט, וואָס איז כדאי צו דערמאָנען. אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט, ווי לאַנג דער שטרייק האָט געדויערט, האָט מען כמעט נישט געזען קיין פּאָליציי.

ס'איז שוין געווען אַזאַ טראַדיציע אין דער צווישנמלחמה-צייט. ווען ס'זענען פאָרגעקומען אַלגעמיינע שטרייקן אין לאָדזש, פלעגן פאָרקומען מאַסן-מיטינגען אויף די מאַרק-פּלעצער און אין גרעסערע זאַלן פון שטאָט. בעת אַזעלכע מיטינגען פלעגט אָפט קומען צו בלוט-פאַרגיסונגען. די פּאָליציי פלעגט אויף אַן אכזריותדיקן אופן פונאַנדערטרייבן די מאַסן. אויך בעת דעם שטרייק האָט דער שטרייק-קאָמיטעט אָרגאַניזירט מיטינגען, אין די לאָקאַלן פון פּפּס און פראָפאַריינען. אָבער דאָס מאָל האָט די פּאָליציי נישט געוואַגט זיך צו באַווייזן. ס'האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז די מאַסן זענען געוואָרן די הערשער אין שטאָט. די דעצידירטע האַלטונג פון גאַנצן לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט האָט געצווונגען די דעמלטיקע מאַכטהאָבער זיך צו פאַרטראַכטן איבער דער לאַגע. יעדער נישט-באַרעכנטער, נישט-געלונגענער שריט זייערער וואָלט געקאָנט גורם זיין געשעענישן אינגאַנצן נישט געווונטשענע פאַר דער בורזשואַזיע אין פּוילן בכלל.

## די ערשטע געווונענע שלאַכט

אָט די גינסטיקע סיטואַציע האָבן טאַקע אויסגענוצט אונדזערע פאָרשטייער בעת די אונטערהאַנדלונגען מיט די אינדוסטריעלער. אויב פאַרן אויסברוך פון שטרייק האָבן די פאַבריקאַנטן נישט געוואָלט הערן אפילו וועגן וועלכער עס איז לוין-הוספה, האָבן זיי אין גאַנג פון שטרייק גענומען ווייכער ווערן.

דער וויכטיקסטער שטרייט-פונקט איז געווען דער פּאָסטולאַט — אָפּהיטן דעם קאָלעקטיוון אָפּמאַך. דער קאָלעקטיווער אָפּמאַך איז פון

לאַנגע יאָרן געווען פאַר די פאַבריקאַנטן אַ ביין אין האַלדז. נישט דערפאַר, חלילה, וואָס די לוינען פון די אַרבעטער זאָלן האָבן געווען זייער הויכע. ניין, נישט צוליב דעם, נאָר צוליבן פאַקט גופא, וואָס די לוינען זענען קאָלעקטיוו אויסגעקעמפט געוואָרן. דער קאָלעקטיווער אָפּמאַך איז געווען דער אויסדרוק פון פּראָלעטאַרישער קאַמפּס=סאָלידאַריטעט, און דאָס האָט שטענדיק געשראָקן די פאַבריקאַנטן. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי געבראָכן דעם קאָלעקטיוון אָפּמאַך, אַרויסגעגאַנגען פון פּרינציפּ: טייל און הערש. וואָס שייך די לוינען גופא האָבן זיי דעם אַרבעטער געגעבן די מעגלעכקייט פון אַ ביז גאָר באַשיידענער לעבנס=עקזיסטענץ. דער פאַרדינסט פון אַ וועבער אויף צוויי ברייטע ענגלישע שטולן האָט לויטן קאָלעקטיוון אָפּמאַך געדאַרפט באַטרעפן 32—36 זל. אַ וואָך, אַ שפּינערין, אָפּהענגיק פון דער צאָל שפּינדלעך וויפל זי האָט באַדינט — פון 28 ביז 36 זל. אַ וואָך א. אַז. וו.

ביי אַזאַ פאַרדינסט האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך קיין אַרבעטער=פאַמיליע נישט געקאָנט חלומען וועגן פאַרנעמען אַ וווינונג פון 2 שטובן מיט אַ קיך און באַקוועמלעכקייטן. ווייל אַזאַ וווינונג האָט דעמלט געקאָסט אַן ערך 80 זל. אַ חודש דירה=געלט. דעריבער האָבן לאָדזשער אַרבעטער=פאַמיליעס אין ווייט=גרעסטן טייל געוווינט אין איינצל=שטובן, און בעסטן פאַל אַ שטוב מיט אַ קיך. צוליב די דאָזיקע טעמים האָבן אַרבעטער אין ווייט=גרעסטן טייל געוווינט אויף די שטאָט=פּעריפּעריעס, הויפּטזעכלעך אין די בוידעמ= און קעלער=שטיבלעך. געווען פאַבריקאַנטן, אַ שטייגער: פּאָזנאַנסקי, שייבלער, הייינצל און קאַניצער, וועלכע האָבן געבויט וווינונגס=הייזער (פאַמיליע=הייזער) פאַר זייערע אַרבעטער, אָבער אין די הייזער האָבן נאָר געוווינט פּריווילעגירטע, אין דער ערשטער ריי מייסטער.

די דירה=פראַגע איז פאַרן לאָדזשער אַרבעטער געווען אַן אייביקע פּלאָג. טאָמער איז ער געוואָרן אַרבעטסלאָז און האָט נישט געהאַט פון וואָס צו צאָלן דירה=געלט, האָט דאָס לאָקאַטאָרן=געזעץ פאַרגעזען, אַז נאָך 6 חדשים נישט צאָלן האָט דער הויז=אייגנטימער געהאַט דאָס רעכט אַרויסצוואַרפן דעם לאָקאַטאָר פשוט אויפן ברוק. ביי יעדן גרעסערן שטרייק=קאָנפליקט פלעגן אַראָפּקומען פאַרשידענע רעגירונגס=קאָמיסיעס — אַמאָל איז אפילו געקומען דער פּרעמיער=מיניסטער באַרטעל אַליין אויף צו פאָרשן דאָס פּראָבלעם פון דירות=נויט. געוויינלעך האָט זיך אַזאַ באַזוך פאַרענדיקט מיט גאָרנישט — אין בעסטן פאַל מיט אַן איינמאָליקער געלט=אונטערשטיצונג.

דער איצט פאַרגעזעענער קאָלעקטיווער אָפּמאַך האָט נישט בלויז פאַרלאַנגט צו שוינען דאָס אויסגעקעמפטע רעכט פון פאַבריקס=דעלעגאַט אַלס אָפיציעלן פאָרשטייער פון די אַרבעטער אויף דער געגעבענער פאַבריק, נאָר די אויסברייטערונג פון זיינע קאָמפּעטענצן, נעמלעך — די פאַרשטענדיקונג מיטן פאַבריקס=דעלעגאַט ביים צונעמען און אָפּזאָגן אַרבעטער, באַשעפטיקן אַרבעטער נאָר אָרגאַניזירטע אין די פּראָפאַריינען.

דאָס זענען געווען פאָדערונגען גאַנץ האַרבע. הגם אויבנאויף האָבן זיי אויסגעזען ווי פאָדערונגען פון אַן עקאָנאָמישן כאַראַקטער, האָבן זיי אָבער שוין אַנטהאַלטן אין זיך אַ פּאָליטישן אונטערשלאַג. די פאַבריקאַנטן האָבן נישט געוואָלט נאָכקומען.

אָבער די דיסציפּלינירטע און סאָלידאַרע האַלטונג פון גאַנצן לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט האָט דערמעגלעכט זיינע פאָרשטייער ארויסצוּרייסן ביי די אונטערנעמער איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער. נאָך צוויי וואָכן האָט זיך גענומען אַריינמישן אין שטרייק דער הויפּט=אַרבעטס=אינספּעקטאָר קלאָט אַלס רעגירונגס=מעדיאַטאָר, כדי אים וואָס שנעלער צו פאַרענדיקן.

אויף זונטיק פרי איז גערופן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון אַלע פאַבריקס=דעלעגאַטן, פאַרטרויונגס=מענער און פאָרשטייער פון פּראָפּ. אָפּטיילונגען אויף אויסצוהערן אַ באַריכט פון די פירנדיקע מיטגלידער פון שטרייק=קאָמיטעט. אַלע דעלעגאַטן און פאַריינס=אַקטיוויסטן האָבן שוין פריער געוווּסט, אַז ס'דערנעענטערט זיך דער זיגרייכער סוף פונעם שטרייק.

דער ערשטער גיט אָפּ אַ באַריכט דער סעקרעטאַר פון די לאָדזשער קלאַסן=פאַריינען וואָלטשאַק. נאָך אים האָט גענומען אַ וואָרט דער מיטגליד פון שטרייק=קאָמיטעט זדזיעכאָווסקי. זיין באַווייזן זיך אויפן פּאָדיום איז ענטוזיאַסטיש אויפגענומען געוואָרן דורכן פאַרזאַמלטן עולם. די אַרבעטער האָבן געוווּסט פון זיין מוטיקער האַלטונג בעת די אונטערהאַנדלונגען מיט די פאָרשטייער פון פאַבריקאַנטן=פאַרבאַנד. דאָס האָט אים און וויטאַשעווסקין פאַרשאַפט פיל פּאָפּולערקייט ביי די מאַסן.

— חברים, — האָט ער אָנגעהויבן זיין באַריכט — נאָך קיינמאָל האָט דער לאָדזשער טעקסטיל=פּראָלעטאַריאַט נישט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל אויסדויער און מוטיקע האַלטונג ווי ביים איצטיקן שטרייק. אַדאַנק דעם קאָן איך אייך מיטטיילן, אַז ס'איז אונדז געלונגען אַרויסצורייסן פון

די פאַבריקאַנטן אַ לוין=הוספה פון 8—10 פּראָצענט. — נאָר ס'וויכטיקסטע איז, וואָס מיר קערן זיך אום צו דער אַרבעט אַלס זיגער. און דער זיג איז דער רעזולטאַט פון אייגהייטס=גייסט, וואָס האָט אונדז אַלעמען באַהערשט, וואָס איז נאָך מער צעמענטירט געוואָרן אין איצטיקן מאָמענט און וועט אונדז שטאַרק צונוץ קומען אין די ווייטערדיקע קאַמפן, וואָס שטייען אונדז פאָר אין דער נאָענטסטער צוקונפט. דאָס זענען די צוויי פּאָליטישע אַקציעס: דער ערשטער מאַי און די שטאָטראַט=וואַלן.

דעם זעלבן זונטיק אָוונט איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג, גערופן דורך דער פאַרוואַלטונג פון דער יידישער אָפּטיילונג, אָגראָדאָווע 9. נאָך פאַר דער באַשטימטער צייט איז דער לאָקאַל פול געוואָרן מיט מענטשן. דער לאָקאַל איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן פאַבריקס=זאַל דורכגעטיילט מיט ווענטלעך. דעם אָוונט זענען אַלע קלענערע און גרעסערע צימערן געווען אויסגעפילט מיט מענטשן. די, וואָס האָבן נישט געקאָנט זיך אַרייננבאַקומען, זענען געשטאַנען אויף די טרעפּ און דורכגענג.

די פאַרזאַמלונג איז געפירט געוואָרן, ווי נאָך קיינמאָל נישט ביז דאַן. קיינער האָט זיך נישט פאַרשריבן צום וואָרט, יעדער וואָס האָט געוואָלט רעדן, האָט זיך פּשוט אויפגעשטעלט אויף אַ בענקל און גערעדט. די רעדעס זענען געווען קורצע, ס'זענען באַרירט געוואָרן די וויכטיקסטע מאָמענטן פון שטרייק — די דערגרייכונגען. יעדע אַרויסטרעטונג איז געווען פול מיט באַגייסטערונג פון דעם זיגרייכן סוף פון שטרייק און פון דעם אייגהייטס=גייסט, וואָס האָט אַלעמען באַהערשט. ס'האָבן גערעדט אַרבעטער — בונדיסטן און קאָמוניסטן. יעדע רעדע איז געווען אַדורכגעדרונגען מיטן אחריות=געפיל פאַר דעם, וואָס קאָן געשען אין דער נאָענטסטער צוקונפט. האָט מען דאָך געפילט דעם היהשן אָטעם פון שכנישן היטלעריזם. איז מען דאָך געווען עדות פון די ווילדע שטיק פון אונדזער היימישן פאַשיזם. ס'איז דעריבער נישט געווען קיין חידוש, אַז ווען נאָטע קאַלינסקי האָט ביים סוף פון דער פאַרזאַמלונג געוואָרפן דעם לאָזונג: „לאָמיר שאַפן זעלבסטשוץ צום קאַמף קעגן די אַנטיסעמיטישע באַנדעס!“ — איז ער אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון פאַרזאַמלטן עולם. די פאַרזאַמלונג האָט זיך פאַרענדיקט מיט רעוואָלוציאָנערע לידער.

וועגן אָט דער פאַרזאַמלונג און וועגן דער קאַמפס=שטימונג, וואָס האָט געהערשט ביי די לאָדזשער אַרבעטער — פּוילישע און יידישע, האָב איך אָנגעשריבן אַ גרעסערע קאָרעספּאָנדענץ אין דער דעמאָלטיקער לינקער צייטונג „זיבן טעג“. די זעלבע צייטונג האָט דעמאָלט אָפּגעדרוקט

אַ ספּעציעלע ביילאַגע געווידמעט די געשעענישן אין לאָדזש און דער טעטיקייט פון דעם יידישן טעקסטיל־פּאַריין. די מחברים פון דער ספּע־ציעלער ביילאַגע זענען געווען מיטגלידער פון פּאַרטיי־עקזעקוטיוו און פון קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד אין לאָדזש.

דערמיט האָט זיך דאָס קאַפּיטל — „גרויסער טעקסטיל־שטרייק אין לאָדזש" נישט פאַרענדיקט. כ'וואָלט געזאָגט, אַז ס'האָט זיך גאָר פאַרענדיקט איין עטאַפּ פונעם אַלגעמיינעם העראָישן קאַמף, וואָס דער לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט האָט געפירט צוזאַמען מיטן גאַנצן אַרבעטער־קלאַס אין לאַנד.

## אַזוינס האָט נאָך לאָדזש נישט געזען...

דער צווייטער וויכטיקער עטאַפּ פון קאַמף איז געווען — די גראַנ־דיעזע פייערונג פון ערשטן מאַי. איידער כ'וועל צוטרעטן צום שילדערן אָט די וויכטיקע געשעעניש, איז כדאי צו דערמאָנען אַ כאַראַקטעריסטישן אומשטאַנד.

אין דער זעלבער וואָך, ווען דער שטרייק איז פאַרענדיקט געוואָרן, איז גערופן געוואָרן אַ פּאַרטייאישער צוזאַמענטרעף אין לאָקאַל פון דער „פּאַבריטשנער" אָפּטיילונג — נאַרוטאָוויטש־גאַס 50 פון די מיט־גלידער פון שטרייק־קאָמיטעט פון ביידע ריכטונגען, ד. ה. פּפּס און קאָמוניסטן.

ווען כ'בין אין אָוונט אַרויפגעקומען אין פאַריין, זענען שוין פאַר־געקומען די פאַרהאַנדלונגען. ס'האָט גראָד גערעדט גאַלינסקי. איך האָב שוין דערמאָנט, אַז ער איז געווען אַ פאַריינס־פונקציאָנאַר אין דער „פּאַבריטשנער" אָפּטיילונג, בכלל אַ וויכטיקע „שישקע". דאָס איז געווען אַ מענטש, וואָס איז שטענדיק געווען זייער אַגרעסיוו געשטימט לגבי לינקע אַרבעטער־טוער — נישט ווייניק בלוט אונדז קאַליע געמאַכט. איך האָב באַמערקט, אַז אונדזערע חברים זענען עפּעס אויפגערעגט, נישט געקאָנט זיך קיין אָרט געפינען. איינער איז געזעסן אויף אַ שרייבטיש, אַ צווייטער אויפן פאַראַפּעט פון פענצטער, אַ דריטער האָט געדרייט זיך אַריין און אַרויס, געוואַרט מיט אומגעדולד, אַז גאַלינסקי זאָל שוין ענדיקן.

גאַלינסקי האָט מיט היץ געטענהט:

— מיטן מאָמענט, ווען דער שטרייק האָט זיך פאַרענדיקט, דאַרף דער שטרייק־קאָמיטעט זיך פאַנאַנדערלאָזן — זיין ראָל איז אַ פאַרענדיקטע. אים האָבן נאָך אונטערגעשטיצט עטלעכע פעפעסאָווצעס.

ער איז מיר גישט געפעלן געוואָרן. ווי קאָן עס אַן אַרבעטער־פאַר־שטייער — האָב איך זיך געטראַכט — מיט אַזאַ לייכט האַרץ אומברענ־גען אַזאַ וויכטיקע אינסטיטוציע, וואָס איז מיט אַזוי פיל מי געשאַפן גע־וואָרן? אין וועמענס אינטערעס איז עס?

די חברים דאַקעגן פון דער לינקער ריכטונג האָבן געטענהט, אַז דער שטרייק־קאָמיטעט דאַרף זיך נישט פאַנאַנדערלאָזן, ער דאַרף ווייטער עק־זיסטירן, ער דאַרף זיך שטעלן אויף דער וואַך קודם־כל פון קאָלעקטיוון אָפּמאַך, אָפּהיטן, אַז אַלע אויסגעקעמפטע פאָסטולאַטן זאָלן רעאַליזירט ווערן דורך אַלע אָן אויסנאַם פאַבריקאַנטן. אַחוץ דעם האָבן די קאָמו־ניסטן פאָרגעלייגט, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיטן ערשטן מאַי זאָל זיך דער שטרייק־קאָמיטעט שטעלן אין שפּיץ פון אָרגאַניזירן און אָנפירן מיט דעם אַרבעטער־יום־טוב.

אַרום דער פראַגע האָט זיך אַנטוויקלט אַ לייהנשאַפטלעכע פּאָלע־מיק. דאָס בילד האָט מיך דערמאָנט די נישט לאַנג־פאַרגאַנגענע, „גוטע" צייטן, הגם אונדזערע חברים האָבן זיך באַמיט צו לינדערן די צעהיצטקייט.

ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, האָט זיך אַריינגעמישט אונדזער טוביה אייזען (מאַדעק). ער איז געווען אַ גלענצנדיקער פּאָלעמיסט, גע־קאָנט אַריינזאָגן דעם קעגנער אין דער זיבעטער ריפּ, אָבער ער האָט עס אַזוי געמאַכט, אַז יענער האָט זיך קיינמאָל נישט געפילט באַליידיקט. צום סוף האָט ער וויצלענדיק זיך אַ זאָג געטאָן צו גאַלינסקין מיט וועלכן ער איז געווען אויף „דו": „כ'ווייס, אַז דו ביסט אַ „דרייסטער" מענטש. פונדעסטוועגן האָסטו גאָרנישט קיין מורא פאַר די אַרבעטער! אַז זיי וועלן זיך דערוויסן וועגן דיינע חכמות, וואָס דו רעדסט דאָ, קאָנען זיי דיר צום פרישטיק דערלאַנגען אַ פּאָרציע שטרוי!" דערביי האָט ער אים גוט־מוטיק געקלאַפּט איבער דער פּלייצע. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ הייטער־קייט און אין אַ געוויסער מאָס געלינדערט די געשפּאַנטע אַטמאָספער.

ס'האָבן צו עטלעכע מאָל גענומען ווערטער זדזיעכאָווסקי און ווי־טאַשעווסקי. זיי האָבן אָנגעוויזן אויף דער נויטווענדיקייט פון איינהאַלטן אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט די פאַבריקס־דעלעגאַטן אין שייכות מיטן

דערנעענטערן זיך פֿון ערשטן מאַי און דער נאָענטסטער וואַל-קאַמפּאַניע צום לאָדזשער שטאָטראַט. טאַקע דערפֿאַר — האָבן זיי אַרגומענטירט — איז נויטיק צו פֿאַרוואַנדלען דעם שטרייק-קאָמיטעט אין אַן איינהייטס-פֿראָנטיקן קאָמיטעט אויף צוצוגרייטן די פֿייערונג פֿון ערשטן מאַי. זיי האָבן אויך אָנגעוויזן אויפֿן אויטאָריטעט, וואָס דער שטרייק-קאָמיטעט האָט זיך דערוואָרבן ביי דער גאַנצער לאָדזשער אַרבעטערשאַפֿט. די אַלע אַרגומענטן האָבן אָבער ווייניק וואָס איבערצייגט גאַלינסקין און נאָך עטלעכע זיינע אָנהענגער.

צוהערנדיק זיך צו דער הייסער פּאָלעמיק, האָב איך זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז אויף דעם צוזאַמענטרעף וועלן מיר זיך שוין נישט דעררעדן. דעריבער האָב איך פֿאָרגעלייגט איבערצוגעבן דעם גאַנצן ענין אונדזערע העכערע פּאַרטיי-אינסטאַנצן.

מחמת דעם וואָס ס'איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט, אַלע זענען געווען דערשעפּט פֿון דער לאַנגער און הייסער דיסקוסיע, האָט מיין פֿאָרשלאַג אָנגעטראָפֿן אויף אַ גינסטיקן באָדן און געוווּנען די אַלגעמיינע איינשטימיקייט.

ווי אַזוי איז דער ענין געוואָרן דערליידיקט?

אין אַלגעמיין גענומען האָט די אָנפֿירערשאַפֿט פֿון פּפּס, ווי אויך דער לאָדזשער קאָמיטעט פֿון „בונד“ נישט געוואָלט פֿירן וועלכע עס איז אָפֿיציעלע פֿאַרהאַנדלונגען מיט דער אָנפֿירערשאַפֿט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַלע אָפֿיציעלע ווענדונגען מצד דער קאָמוניסטישער אָנפֿירונג זענען אין ווייט-גרעסטן טייל אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן אונטער פֿאַרשידענע אויסריידן. פֿונדעסטוועגן פֿלעגט דאָך קומען אין יענער צייט (1935—36) צו פֿאַרשטענדיקונגען אויף געוויסע קאַמפּס-אָפּשניטן.

אַלזאָ, ווי אַזוי זשע איז עס פֿאָרט געקומען צו אַ הסכם מיט די פּאַרטייען פּפּס, „בונד“ און דייטשישע עס-דע אויפֿן לאָדזשער באָדן? דער ענין פֿאַרדינט אַ ברייטערע באַלייכטונג.

צווישן דער לאָדזשער פּאָליטיש אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפֿט (מן הסתם איז אַזוי געווען אויך אין אַנדערע שטעט) האָט זיך געפֿונען אַ גאָר באַדייטנדיקער טייל אַרבעטער און אינטעליגענטן, וועלכע האָבן סימפּאַטיזירט מיט דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. זיי האָבן אונטערגעשטיצט די קאָמוניסטן ביי פֿאַרשידענע געלעגנהייטן: אָפּגעגעבן לאָקאַלן אויף זיצונגען, אויסבאַהאַלטן אַ געראָדפֿטן חבר, אונטערגעשטיצט מיט געלט די פּאָליטישע אַרעסטירטע. מיט איין וואָרט — מיטן האַרץ האָבן זיי גע-

הערט צום קאָמוניסטישן לאַגער, נאָר אָפיציעל זיך אָנשליסן אין דער באַוועגונג האָט זיי פאַרפעלט מוט צוליב פאַרשידענע סיבות. אַמאָל זענען דאָס געווען פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן, אַמאָל די מורא צו פאַרלירן אַ גוטן פּאָסטן און בכלל נישט צו צעשטערן אַ באַקוועם לעבן.

אָט די מענטשן פלעגן זיך גרופּירן אין פאַרשידענע לעגאַלע אָדער האַלב־לעגאַלע אינסטיטוציעס. אַ באַדייטנדיקער טייל פון זיי האָט אַפילו געהערט צו פּעפּס, „בונד" און אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן. די „אומאָפּהענגיקע", אָדער דראָבנעראָוועצעס, ווי מ׳פלעגט זיי דאַן רופן, האָבן נישט געהאַט קיין גרעסערע איינפלוסן ביי די מאַסן. דאָס איז געווען אַ גרופּע אינטעליגענטן, וואָס האָט געהאַט לינקע איבערצייגונגען, אַ שטייגער דער דר. אייגער, יאַן האַנעמאַן, דער אַלטיטשקער דר. מיעדזשינסקי. זיי זענען געווען די ווירטיקסטע „פילאַרן" פון די „אומאָפּהענגיקע". אין די דרייסיקער יאָרן האָבן זיך די „אומאָפּהענגיקע" אריינגעגאָסן אין דער פּעפּס.

חברים פון אונדזערע אָנפירנדיקע פּאַרטיי־אינסטאַנצן פלעגן אויסנוצן די קאָנטשאַפּטן מיט פיל אַזעלכע חברים און מיט זייער הילף זיך טרעפן האַלב־אָפיציעל מיט פירנדיקע פערזאָנען פון פּעפּס און „בונד" און באַהאַנדלען ערנסטע פּאָליטישע אַקציעס. זיי פלעגן אויך אויסאיבן אַ דרוק אויף די פּעפּסישע טוער אייננצוגיין אויף די קאָמוניסטישע איינהייטס־פאָרשלאָגן. צוזאַמענטרעפן זענען אויך פאָרגעקומען אויפן באָדן פון די פּראָפ. פאַריינען.

דער עיקר אָבער האָט די צייט געטאָן ס׳איריקע. אין אָנבליק פון דער דראָענדיקער געפאַר מצד דעם היטלעריזם, וואָס האָט געהאַלטן ביים פאַרפלייצן גאַנץ אייראָפּע און געוואָרפן זיין ברויגעם שאָטן אויך אויף אונדזער לאַנד, האָבן זיך גענומען שטאַרקן די לינקע שטימונגען ביי דער מיטגלידערשאַפט פון די לעגאַלע אַרבעטער־פּאַרטייען. אין דער אָנפירערשאַפט פון דער לאָדזשער פּעפּעסישער אָרגאַניזאַציע איז פאָרגעקומען אַ געוויסע איבערשיכטונג. דער עלטערער פּאַרטיי־אַקטיוו, ווי פּורטאַל, דאַנילעוויטש, ראַפּאַלסקי, וואַלטשאַק זענען אָפּגערוקט געוואָרן אין אַ זייט און זייער אָרט האָבן פאַרנומען מענטשן אַרויסגעוואַקסענע פון דער „טור"־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געווען באַאיינפלוסט פון זייער פירער דר. פּרוכניק. אין שפּיץ פון דער לאָדזשער פּעפּעסישער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אַרויסגערוקט: וואַכאָוויטש, הענריק שעווטשיק, אַנטאָני סטאַווינסקי.

ביי דער אַקטיווער מיטהילף פון די לינק־געשטימטע מיטגלידער פון פּפּס און „בונד“, פלעגן מיטגלידער פון באַזונדערע ראַיאָן־קאָמיטעטן („דזשעלניצעס“) פון פּפּס און קאָמוניסטן, אַ שטייגער ווי „גורנע“, „מיטל־שטאָט“, „אַלטשטאָט“, און אפילו מיטגלידער פון לאָדזשער קאָמיטעט קומען אויף טרעפונגען און אויף אַזאַ אופן זיך דעררעדן וועגן פירן געמיינזאַמע אַקציעס. אַזעלכע קאָנטאַקטן זענען איינגעשטעלט געוואָרן אין דער צייט פון שטרייק און זיך דערהאַלטן אויך שפּעטער, ווען ס׳האָבן זיך דערנענטערט דער ערשטער מאַי און די שטאָטראַט־וואַלן.

אונדזערע פּאַרטיי־מיטגלידער זענען געוואָרן אָפטע איינגייער אין די לאָקאַלן פון פּפּס און „טור“, ס׳פלעגן איינגעאָרדנט ווערן געמיינזאַמע פאַרווילונגען, פאַרזאַמלונגען און מיטינגען. איינער אַזאַ מיטינג איז פאָרגעקומען נאָענט פאַרן ערשטן מאַי — זונטיק פרי אין פילהאַרמאָניע־זאַל. פון וואַרשע איז אַראָפּגעקומען זשולאַווסקי. אין זיין רעפעראַט האָבן שאַרף אָפּגעקלונגען איינהייטס־טענער. פון אָראַטאָרישן שטאַנדפּונקט איז דאָס געווען זייער אַ שיינע רעדע. נאָך אים האָט גערעדט זדזיעכאָווסקי, די צייט זיינע איז געווען אַן אומבאַגרענעצטע. אויך אַזעלכעס פלעגט אין די פריערדיקע צייטן געהערן צו די זעלטנהייטן.

אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס האָט דער ענין איינהייט געטראָגן אַ ביסל אַן אַנדערן כאַראַקטער. דער ווייט גרעסטער טייל פון די פּאַרטיי־מיטגלידער, ווי אויך גרויסע מאַסן סימפּאַטיקער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די יידישע פּראָפאַריינען. די וויכטיקסטע פאַריינען זענען געווען: דער טעקסטיל־פאַריין, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, מיט זיינע 5 טויזנט מיטגלידער; דער האַנדלס־אָנגעשטעלטער־פאַריין — אויך אַן ערך אַזאַ צאָל; דער נאָדל־פאַריין, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער אויסשליסלעכער השפּעה פון דער לינקער ריכטונג; בעקער־ און האָלץ־פאַריין, דרוקער־, איינבינדער־ און פריזירער־פאַריין, טראַנספּאָרט און פליישער און אַ ריי קלענערע פאַריינען, צוזאַמען ביי אַ העכער צוויי צענדליק טויזנט מיטגלידער.

דאָ פלעגן די פאַרהאַנדלונגען פאָרקומען אינעם קולטור־אַמט (ראַט פון די יידישע פּראָפאַריינען) אָדער דירעקט אויף די זיצונגען פון די פאַרוואַלטונגען פון די פּראָפאַריינען, וועלכע זענען געווען צווישנפּאַרטייאישע.

אויך אויף דער יידישער גאַס האָט זיך געפונען אַ גרופּע אינטעליגענטן, וועלכע איז געווען לינק געשטימט און פיל מיטגעהאָלפן ביים איינ־

שטעלן קאָנטאַקטן מיטן „בונד“, אַ שטייגער, דער דר. וואָלף אייכנער און אַנדערע.

אַזוי מער ווייניק האָבן אויסגעזען די פּאָליטישע צווישן־באַציִונגען אין לאָדזש ערב דעם ערשטן מאַי 1936 יאָר.

אָט אין די באַדינגונגען פון האַלב־אָפיציעלע און פּאַקטישע קאָנ־טאַקטן איז אָנגעוואָקסן דאָס, וואָס קאָן אָנגערופן ווערן הסכם צווישן דער אָנפירערשאַפט פון לאָדזשער פּפּס און „בונד“ מיט דער אָנפירערשאַפט פון דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון דער קאָמפּאַרטיי.

בכדי די מאַי־פייערונג זאָל טראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, איז געשאַפן געוואָרן אַ מאַי־קאָמיטעט פון פאָרשטייער פון די פּאַרייגען, אָנ־געשלאָסענע אין קרייז־ראַט פון די לאָדזשער קלאַסן־פּאַריינען און די יידי־שע פּאַריינען, אָנגעשלאָסענע אין קולטור־אַמט.

וויפל מיטגלידער האָבן פּאַרמאָגט די פּאַרייגען, אָנגעשלאָסענע אין קרייז־ראַט, איז מיר שווער פעסטצושטעלן. אָבער איך געדענק גענוי די וויכטיקסטע פּאַריינען און וואָס פאַר אַ ראָל זיי האָבן אָפּגעשפּילט אין אונדזער שטאָט.

אַחוץ דער „פּאַבריטשנער“ אָפּטיילונג און דעם לינקן פּאַריין פון זייד־אַרבעטער, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט דעם רוב מנין און רוב בנין פון לאָדזשער טעקסטיל־פּראָלעטאַריאַט, איז געווען — דער בוי־פּאַריין, מיט זיין רעוואָלוציאָנערער טראַדיציע. זיין טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן נאָך אין די צאַרישע צייטן. דער פּאַריין האָט זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דער פּאַריין פון די טראַנספּאָרט־אַרבעטער, וואָס איז אויסגעשטאַנען אָן אַ שיעור שיקאַנעס מצד דער פּאָליציי פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. דער פּאַריין האָט בכלל אַריינגעשריבן אַ הערלעך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון קאַמף קעגן דער סאַנאַציע־הערשאַפט.

דער אינטעראַציאָנאַלער לעדער־פּאַריין. האָט איז געווען כמעט דער איינציקער פּאַריין אין לאָדזש, ווו ס'זענען געווען אָרגאַניזירט צוזאַמען פּוילישע און יידישע אַרבעטער. אויך דער פּאַריין איז געווען איינער פון די עלטסטע אין לאָדזש. דער פּאַרייין האָט זיך שטענדיק געפונען אונטער דער אויסשליסלעכער השפּעה פון דער קאָמפּאַרטיי. דער פּאַריין האָט פּאַרמאָגט אַ גרויסן איבערגעגעבענעם אַקטיוו פּאַרטיי־מיטגלידער. איך

וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די הערלעכע געשטאַלט פון זיין פאָרזיצער — אַלברעכט. ער איז געווען אַן אָנטיילנעמער אין זאַמאָשטשער אויפשטאַנד, פאַר וועלכן ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. דער אורטייל איז פאַרביטן געוואָרן אויף לאַנגע יאָרן שווערע תּפיסה. אויף פאַרזאַמלונגען צווישן יידישע אַרבעטער האָט ער גערעדט אַ ריינעם יידיש. חוץ אים האָט דער פאַריין פאַרמאָגט אַזעלכע אַקטיוויסטן, ווי פּרץ ארנשטיין, יאַקוב שלענסקי, זיגמונט זשעלינסקי, זיגמונט נאָוואַקאָווסקי, סט. קלאַס, ס'קליינע פּסהל (גלייט), יורעק, קובאַ שפּיגעל, קלמן דיאַמענט. דער מעטאַל־פאַריין, פאַריין פון שטאָטישע אָנגעשטעלטע.

פון אָט די פאַריינען איז אַנטשטאַנען דער מאַי־קאָמיטעט. פאַרשטייט זיך, אַז סיי פּפּס, סיי דער „בונד“ און עס־דע האָבן זיך פאַרזיכערט אין אים אַ פאַרטרעטערשאַפט. דער קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן און צוגרייטן אַלץ, וואָס איז געווען נויטיק צו דער מאַי־פייערונג. די פּפּס האָט נאָר אַרויסגערוקט אַ פאָרבאַדינג, אַז אין מאַי־צוג זאָל נישט געטראָגן ווערן די פאָן פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. דאַקעגן איז געקומען צו אַ הסכם, אַז פאָרויס פונעם צוג זאָל געטראָגן ווערן אַ גרויסער איינהייטס־פראָנטיקער טראַנספּאַרענט, וואָס וועט סימבאָליזירן דעם איינהייטס־פראָנטיקן כאַראַקטער פון דער מאַניפעסטאַציע. ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו טראָגן אין צוג אַלע פאָרטרעטן פון די וויכטיקסטע פערזענלעכקייטן, וואָס זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער פאָלקספראָנטיקער באַוועגונג אין אייראָפּע.

ווען ס'איז דערגאַנגען צו אונדזער חברה די ידיעה, אַז ס'איז געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג וועגן דער מאַי־פייערונג, איז אַלעמען לייכטער געוואָרן אויף די הערצער. חברה האָט זיך גענומען גרייטן צו פאַרשידענע פאַרוויילונגען. פון יאָרן לאַנג איז געווען אַ געוווינהייט איינצואָרדענען פאַרוויילונגען אין אָוונט נאָך דער דעמאָנסטראַציע. פאַרשטייט זיך, אַז געווײלט האָבן זיך די, וואָס זענען נישט אַריינגעפאַלן אין די פּאָליציייאישע הענט. אויב האָט עמעץ געקריגן אָנגעבראָכן די ביינער — האָט זיך דאָס נישט גערעכנט. דאָ האָבן שוין אונדזערע מיידלעך אַרויסגעוויזן בריהשקייט ביים אָרגאַניזירן די אָוונטן. אַזעלכע פאַרוויילונגען זענען ס'רוב פאָרגעקומען אין פּריוואַטע וווינונגען, פאַר אַ 15—20 פערזאָן. געווען אויך חברים, וואָס האָבן געהאַט פאַרמעגלעכע עלטערן, נו דאָ איז שוין געווען מיט מער פּאָמפּע.

געוועזן אַ חבר סעוועק, זיינע עלטערן האָבן פאַרמאָגט אַן אייגענע דרוקעריי. אַז מיר האָבן זיך צו זיי אַרויפגעקריגן, האָבן מיר געהוליעט ביז אינדערפרי און דערנאָך געגאַנגען גלייך צו דער אַרבעט.

די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: דער קאָמוניסטישער יוגנט־פאַרבאַנד, „טור" האָבן צוגעגרייט אָן אַ שיעור טראַנספּאַרענטן, לאָזונגען, קאַריקאַטורן, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט די העסלעכקייט פון דער היימישער רעאַקציע, און אַן אומשולדיק תמימותדיק אייזעלע, וואָס וועט שטימען ביי די וואַלן אויף דער רעגירונגס־ליסטע.

דער מאַי־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו שאַפן אַ שטאַרקע און דיסציפּלינירטע אַרבעטער־מיליץ, באַוואָפנט... מיט שטעקנס. ס'איז פאַר אַלעמען געווען קלאָר, אַז די עקזיסטירנדיקע פאַשיסטישע באַנדעס, אונטער דער אָנפירונג פון אַזעלכע זשילעטקע־העלדן, ווי קאָוואַלסקי און שווײדלער, וועלן מאַכן פּרווון אָנצופאַלן אויפן מאַי־צוג, דער עיקר, אויפן יידישן טייל פון צוג. אַריינברענגען דעזאָרגאַניזאַציע און שטערן די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס איז געווען זייער ציל, דערויף זענען זיי געווען ספּעציאַליסטן.

אין שייכות מיט די בלוטיקע געשעענישן אין לעמבערג און אין קראָקע, האָט דער מאַי־קאָמיטעט באַשלאָסן אויף אַלע פענער און טראַנספּאַרענטן — אַלס צייכן פון טרויער און סאָלידאַריטעט — צוצובינדן שוואַרצע שלייפן. רויט־שוואַרצע שלייפלעך זענען צוגעגרייט געוואָרן פאַר אַלע דעמאָנסטראַנטן.

די לעצטע וואָך פאַרן ערשטן מאַי איז ביי אונדז אין טעקסטיל־פאַריין אויף אָגראָדאָווע 9 אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע צוגרייטונג. יעדן אָוונט זענען פאָרגעקומען צו עטלעכע פאַרזאַמלונגען פון פאַרשידענע פאַכן. אויב אַמאָל האָבן די פאַרטייאישע ריכטונגען שטאַרק מקפיד געווען, אַז אַ רעדנער זאָל, חס־וחלילה, נישט איבערשרייטן זיין רעדנער־צייט, ווער שמועסט, אַז אַ „רויטער" האָט גענומען אַ וואָרט, האָט ער נישט געטאָרט רעדן קיין מינוט לענגער — האָט דאָס מאָל קיינער נישט געלייגט קיין אַכט אויף די זאַכן. אונדזערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער און מיטגלידער פון עקזעקוטיווו זענען אַרויסגעטראָטן אומגעשטערט אויף אַלע פאַרזאַמלונגען. פיל פאַרזאַמלונגען זענען באַדינט געוואָרן אויסשליסלעך דורך אונדזערע חברים.

ס'איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע ווערבירונג פון מיטגלידער אין דער זעלבסטשוץ. דאָס זענען געווען צוזאַמערסטן יונגע, קרעפטיקע מענטשן,

פעיק צו דערלאַנגען מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. ענלעכע צוגרייטונגען זענען פאָרגעקומען אין די איבעריקע יידישע פּראָפאַריינען. מיטן אָרגאַניזירן די זעלבסטשוץ אויף דער יידישער אַרבעטער=גאַס האָבן זיך פאַרנומען די חברים: העניעק ראָזען (העניעק דזשעווני), לייביש מענדל לעסקי און שמולעק לערער. אין שפּיץ פון דער זעלבסטשוץ ביים טעקסטיל=פאַריין האָט זיך געפונען חיימל מאַליץ און העניעק ראָזען. רבקה שינדער=וואָיסקאָווסקאַ און לעסקי, זענען געווען מיטגלידער פון קולטור=אַמט מצד דער לינקער ריכטונג.

איך דער „בונד“ האָט פאַרגרעסערט זיין זעלבסטשוץ. צוזאַמען מיטן „בונד“ האָט די יידישע זעלבסטשוץ געציילט ביי 2 טויזנט מאַן, וואָס האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו האַלטן די אָרדענונג בעתן מאַי=צוג.

אַזוי מער וויניק האָבן אויסגעזען די צוגרייטונגען צום ערשטן מאַי אין אַרבעטער=לאַגער.

די לאָדזשער שטאָטישע סטאַראָסטווע, מיט דר. וורואָנען אין דער שפּיץ, די דעפענסיווע אויף קילינסקי=גאַס 152 זענען אויכעט נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. יעדע נאַכט זענען אונדזערע חברים, וואָס האָבן נישט באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן, אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון זייערע היימען. די קאַמערן פון דער „דעפּע“ זענען אָנגעפּאַקט געוואָרן מיט אַרעסטירטע.

מיט אַ ווילדן גרימצאָרן האָבן זיך די דעפענסיווע=לייט געוואָרפן אין דער ערשטער ריי אויף די חברים, וועלכע האָבן געהערט צום שטרייק=קאָמיטעט און אויף די, וועלכע האָבן זיך בכלל אַקטיוו באַטייליקט אין דער צייט פון שטרייק.

אויב אין דער צייט פון שטרייק האָבן זיי נישט געוואַגט צו רירן אונדזערע חברים, זענען זיי ווי די אמתע רויבער איצט געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, וווּ ס'האָבן געוווינט אונדזערע חברים, געלויערט גאַנצע טעג און נעכט פאַר די טויערן, ווי די שפּיר=הינט, און אויף אַזאַ אופן אַרויסגעריסן אונדזערע בעסטע, אַקטיווסטע מענטשן פון אונדזערע רייען.

אויפן ערשטן מאַי, אויפן באַפעל פון וורואָנען, האָט די פּאָליציי אַרויסגעשיקט אַ טראַנספּאָרט פון 16 חברים קיין קאַרטוז=בערעזע, דערונטער צום צווייטן מאָל דעם חבר טוביה אייזען. נאָך דריי חדשים ווערט ער באַפרייט, דאַן פאַרלאָזט ער פּוילן און פאָרט קעמפן אויפן שפּאַנישן פראָנט, פון וואַנען ער קערט זיך שוין מער נישט אום צוריק.



טוביה (טאדעק) אייזען, מיטגליד פון שטרייק־קאָמיטעט,
פאָרשטייער פון דער לינקער ריכטונג

אינדזערע מאַמעס און טאַטעס, פֿרויען און פֿאַמיליעס האָבן יעדעס
יאָר, ווען ס׳האָט זיך דערנעענטערט דער ערשטער מאַי איבערגעלעבט
גרויס האַרץ־קלאַפּעניש. יעדע נאַכט, וואָס איז אַדורך אָן אַזאַ גוט־באַקאַנטן
קלאַפּן אין טיר און אַדורכנישטערן די וווינונג, איז געווען אַ גרויס גע־
ווינס. דאָס יאָר האָבן אויך אונדזערע נאָענטסטע לייכטער אָפּגעעטעמט,
כאָטש אָן אַרעסטן און רעוויזיעס איז אויך דאָס מאָל נישט אַדורכגעגאַנ־
גען. אָבער מען איז געווען רואיקער פֿאַרן מאָרגנדיקן טאָג, פֿאָרט צוזאַ־
מען, איינהייטלעך, שטאַרקער...

דער מאָרגנדיקער טאָג, דער טאָג פֿון ערשטן מאַי, איז באמת גע־
ווען אַ פֿרעכטיקער, אַ פֿרייַדיקער. אַרויסגייענדיק אינדערפֿרי פֿון דער
היים, האָבן אונדזערע עלטערן אונדז באַגלייט נישט מיט דעם גוט־באַ־
קאַנטן טרייער אין די אויגן, פֿאַרקערט — רואיק געווונטשן אַ גוטן טאָג!

כמעט אַלע יידישע פּראָפֿאַריינען האָבן זיך געפֿונען אין ראַיאָן אַלט־
שטאָט־באַלוט. אונדזער זאַמל־פּונקט איז געווען באַשטימט אויף 8 פֿרי
ביי דער באַלוטער „דזשעלניצע“ פֿון פּפּס, אויף אַלעקסאַנדער־גאַס (היינט
לימאַנאָווסקי־גאַס). צו דער באַשטימטער צייט האָבן זיך געזאַמלט אונ־
דזערע פֿאַריינען: דער טעקסטיל־פֿאַריין, בעקער, האָלץ און אַנדערע.
ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, זענען געקומען די אַרבעטער מיט פֿענער און
טראַנספּאַרענטן פֿון די פֿאַבריקן: בוהלע, „דזשענטלמען“, פּאָזנאַנסקי, בי־
דערמאַן און סתם אַרבעטער פֿון גאַנץ באַלוט.

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נישט בלויז אונדזער אַרבעטער־מיליץ
איז געקומען מיט שטעקנס אין די הענט — כמעט דער גאַנצער עולם.
דער ווייט גרעסטער טייל דעמאָנסטראַנטן איז געקומען מיט שטעקנס און
שוואַרצע צייכנס אויף די אַרבל אָדער אין די לאַצן.

דער פּרימאָרגן איז געווען אַ פֿרעכטיקער, אַ וואַרעמער, די גאַסן מיט
זון באַגאָסן; פֿון אַלעמענס פּנימער האָט אַראָפּגעשיינט אַ געמיטלעכער
שמייכל. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און די גאַנצע אַלעקסאַנדער־גאַס
איז פֿול געוואָרן מיט מענטשן. געציילטע מינוטן — און אַלע שטייען שוין
אין גלייכע רייען, אויסגעמישט יידן און פּאָליאַקן — אַרבעטער פֿון די
גרויסע פֿאַבריקן און אַרבעטער פֿון קליינע וואַרשטאַטן, באַלמעלאָכעס און
סתם האָרעפּאַשניקעס. שוין שפּילט אַן אָרקעסטער די „רויטע פֿאָן“, און
דער צוג רירט פֿון אָרט צום באַלוטער פּלאַץ, דורך זגערזשער, נאָוואָמיעס־
קע, ניי־שטאָט, פּאָמאָרסקע, קילינסקי־גאַס צום צענטראַלן זאַמל־פּלאַץ —
שייבלערס מאַרק.

ווען איך האָב אַזוי באַטראַכט אונדזער צוג, וואָס האָט בלויז אַרומגענומען דעם ראַיאָן אַלטשאָט און באַלוט, איז ער געווען פיל גרעסער, ווי די מאַי־דעמאָנסטראַציעס פון די פריערדיקע יאָרן צוזאַמען גענומען.

ווען מיר זענען צוגעקומען צו דער געגנט פון שייבלערס מאַרק (איצטער פּלאַץ זוויטשיעגסטוואַ), זענען שוין אַלע נעבן־גאַסן אַרום פּלאַץ געווען פול מיט דעמאָנסטראַנטן. פון דרום זענען געקומען די דזשעלגיצעס גורנע־כּוינע, רודאַ־פּאַביאַניצקאַ, פון מזרח — ווידזעוו, מיטלשטאָט, פון מערב — אונדזער צוג, ד. ה. באַלוט און אַלטשטאָט פון צפון.

בכלל האָט מען דעם גאַנצן צוג אָפּגעשאַצט דעמלט אויף אַן ערך הונדערט טויזנט מענטשן.

ס׳האָט גענוג לאַנג געדויערט, ביז מיר האָבן זיך אַרויסבאַקומען אויף פּיעטריקאָווער גאַס. אַ וואַלד מיט רויטע פענער, טראַנספּאַרענטן און פּאָרטרעטן — לענין, דאָלאָרעס איבאַרורי, לאַרגאָ קאַבאַלעראָ, לעאָן בלום, מאָריס טאָרעז, ערנסט טעלמאַן און איגנאַצי דאַשינסקי, און ווידער פענער, ווידער טראַנספּאַרענטן אָן אַ שיעור.

דער צוג מאַרשירט איבער דער גאַנצער ברייט פון פּיעטריקאָווער גאַס, אַ צעוויגטער מענטשן־שטראָם, לאָזונגען פאַרהילכן די לופט. מענטשן אויף די באַלקאָנען, מענטשן אויף די טראָטואַרן כאַפּן אונטער די לאָזונגען. יעדע קאַריקאַטור, וואָס באַווייזט זיך, רופט אַרויס הייטערקייט און געלעכטער, אַלעמענס פּנימער שטראַלן פון פרייד. יאָ! די גאַסן געהערן צו אונדז, צו אונדז וועט געהערן דער מאַגיסטראַט. צוממערסטן האָבן זיך געהערט אויסרופן: „זאָל לעבן אַ רויטער מאַגיסטראַט!“ אַ רויטער מאַגיסטראַט האָט באַדייט נישט נאָר אַ זיג פון לאָדזשער אַרבעטער־קלאַס — נאָר אַ טויט־קלאַפּ דעם פאַשיזם, אַ טויט די פינצטערע כוחות אין לאַנד, דאָס האָט געהייסן — הילף פאַרן רויטן שפּאַניע און פאַרן פאָלקספראָנט אין פראַנקרייך. יעדער אָנטיילנעמער אין דעם צוג אין דעם באמת גרויסן מאַרש איז געווען דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק און באַוווסטזיין, אַז ער טראָגט צו אַ ביישטייער צום גרויסן פאַרמעסט, וואָס קומט פאָר אין דעם מאָמענט און וואָס שטייט פאָר אין דער נאָענטסטער צוקונפט.

דער צוג ציט זיך און ציט זיך. די פאָדערשטע רייען זענען שוין לאַנג אַדורך די ניי־שטאָט, אַריין אין דער קאָנסטאַנטינער, אין דער ריכטונג צום גרויסן ברידער־קבר אויף פאָלעשיע — און אויף דער פּיעטריקאָווער מאַרשירט נאָך איין פאַבריק נאָך דער צווייטער, איין „דזשעלגיצע“ נאָך דער צווייטער, ס׳דערנעענטערט זיך דער יידישער טייל פון צוג צום

הויז פיעטריקאָווער 91, ווו ס'האָט זיך געפונען די נעסט פון די ראַסיסטישע גיפטמישער — די רעדאַקציע פון „אָרענדאָווניק". אין ס'איז געשען דאָס, וואָס אַלע האָבן פאָרויסגעזען. פונעם טויער לאָזט זיך אַרויס אַ באַנדע מיט שטעקנס, אײַזערנע פרענטן און אַנדערע מאָרד־מכשירים. אויף אַ ווײַלע גיט זיך אַ וויג די מענטשן־כוואַליע, דער ריטמישער גאַנג פון דעמאָנסטרירנדיקן עולם ווערט אויף אַ ווײַל איבערגעריסן. די מאַסע קומט אָבער שנעל צו זיך. — חברים, שטיין בלײַבן! — הערט זיך אַ רוף איבער דער גאַנצער לענג פון דער גאַס. פון מויל צו מויל טראָגט זיך אַ נערוועז געשריי: חברים, שטייט, פאַשיסטן שלאָגן אונדזערע ברידער! שטעקנס קעגן שטעקנס, פויסטן קעגן פויסטן. געציילטע מינוטן — און ס'איז נישטאָ קיין סימן פון דער באַנדע. אויפן ברוק וואַלגערן זיך צעטראָטענע היטלעך, צעבראָכענע שטעקנס און אײַזנוואַרג.

דער צוג רירט פון אָרט מיט נאָך מער אימפעט. נאָך העכער הילכן די לאָזונגען — קעגן פאַשיזם און טעראָר, קעגן פינצטערן אַנטיסעמיטיזם — פאַר ברידערלעכער סאָלידאַריטעט.

אויף קאָנסטאַנטינער גאַס מאַכן אונדזערע חברים אַ פרווו אַרויסצוציען די פאַרטיי־פאָן. עס קומט צו אַ געראַנגל מיט אַ באַנדע שפּיצלעם.

ענדלעך קומען מיר אָן אויף די ברייטע פעלדער אַרום גרויסן ברידער־קבר פון פינפטן יאָר. נאָר די פעלדער אויף פאָלעשיע זענען געווען ביכולת אויפצונעמען די צענדליקער טויזנטער מענטשן. דעמאָנסטראַנטן — אַ ים. גיי צייל דאָס זאַמד ביים ברעג ים!

אויף עטלעכע טריבונעס שטייען רעדנער. ס'רעדט קוואַפּינסקי, דער צוקונפטיקער לאָדזשער שטאָט־פּרעזידענט, ס'רעדט דער יונגער וואַכאָוויטש, זדזיעכאָווסקי, ס'רעדן אַנדערע רעדנער. אָבער צי איז וויכטיק, ווער עס רעדט און וואָס מען רעדט, אַז אַלע זענען באַהערשט מיט איין געדאַנק, אַלע זענען דורכגעדרונגען מיט איין ווילן — זיגן! זיגן!

אויב אויף דער זיצונג פון מאַי־קאָמיטעט איז אָנגעגאַנגען אַ שטרייט וועגן יאָ טראָגן אַ קאָמוניסטישע פאַרטיי־פאָן, צי נישט טראָגן, אויב אין מאַרש פון צוג האָבן שפּיצלעם געהאַט אַ מעגלעכקייט אָנצופאַלן אויף דעם פאָן־טרעגער, איז אָבער דאָ אויפן פעלד, ווען ס'האָט זיך באַוויזן די רויטע, מיט גאָלדענע פעדעם געהאָפטענע קאָמוניסטישע פאַרטיי־פאָן, איז זי געוואָרן אַרומגערינגלט און באַשיצט פון טויזנטער אַרבעטער, איר דערשיינען האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע באַגייסטערונג און אַ שטורם פון אויסרופן און אַפּלאָדיסמענטן נישט נאָר ביי קאָמוניסטיש געשטימטע אַרבע־

טער, נאָר בכלל ביים פאַרזאַמלטן עולם. ספּאָנטאַן האָט אַ דונער געטאָן דאָס אייניציקע ליד, וואָס האָט אַלעמען פאַראייניקט, וואָס האָט זינט דורות געוועקט און גערופן די אַרבעטער־וועלט צום קאַמף — דער „אינטערנאַציאָנאַל".

דער מיטינג איז געווען פאַרענדיקט. אַ טייל עולם האָט אויסגענוצט דאָס שיינע וועטער, ווער ס'האָט זיך צעלייגט אויפן פרישן גראָז אין די דערבייאיקע וועלדער, ווער ס'האָט זיך אומגעקערט אין שטאָט. ס'גייען צעזונגענע און צעשטראַלטע יוגנט־גרופן, ווער אין דער ריכטונג צום וואַלד, ווער צוזאַמען מיט דער קאָנסטאַנטינער — צום שטאָט־צענטער.




פראַגמענט פון מאַי־צוג אין יאָר 1936

ס'גייט אַ גרעסערע יידישע יוגנט־גרופּע, אַ צופרידענע, מיט געזאַנג און געפילדער, ווי תמיד יונגע מענטשן. לענגאויס דער קאָנסטאַנטינער ביז צו דער אייזנבאַן־בריק איז דער וועג באַוואָקסן מיט קשאַקעס, אַ טייל ערטער אפילו גאָר געדיכט באַוואָקסן. האָט עמעצן געקאָנט איינפאַלן, אַז אונטער אַזעלכע אומשולדיקע ביימעלעך וועלן זיך אויסבאַהאַלטן רוצחים, וואָס לויערן אויף יונג מענטשלעך בלוט?

ווען די גרופּע יידישע ייִנגלעך און מיידלעך דערנעענטערט זיך צו די קשאַקעס, פֿאַלן פּלוצים עטלעכע שאָסן. ס'אַנטשטייט אַ צעמישונג, אַ גע־לויף, נאָר איינער פֿון דער גרופּע בלייבט ליגן אויף דער ערד. ער הייבט זיך נישט אויף מער. דאָס איז געווען דער 18־יאָריקער קאָמוניסט באָ־רים מאַרקעוויטש (מיט זיין שוועסטער אַנקע וואַלדמאַן האָב איך נאָכן קריג געאַרבעט צוזאַמען).

דאָס האָבן זיי געקאָנט, די באַנדיטן — אָנפֿאַלן ווי העסלעכסטע פּח־דנים פֿון הינטערוויילעכץ, אומגעריכט, פּונקט ווי ס'איז געשען מיט שייעק האַרנאַס.

## וואָס וועט ברענגען דער מאָרגן?

די לאַגע פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין לאַנד האָט זיך מיט יעדן טאָג כסדר פֿאַרערגערט. די מויערן זענען געווען באַקלעפּט מיט אַפֿישן, וואָס האָבן גערופֿן צו באָיקאָטירן יידישע געשעפֿטן, פֿאַרניכטן יידישע קראָמען, רויבן יידיש האָב־און־גוטס, פֿאַרטרייבן יידן אין געטאָ.

ס'האָבן זיך גענומען מערן בלוטיקע אָנפֿאַלן אויף יידישע איינוווי־נער. דעם פּרעמיער־מיניסטער סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקיס לאָזונג פֿון עקאָ־נאָמישן באָיקאָט „אָווּשעם" האָט גלח טשעציאַק רעאַליזירט אויף זיין אופֿן. יעדע אַרויסטרעטונג פֿון אָט דעם טרויעריק־באַרימטן גלח האָט זיך גע־ענדיקט מיט בלוטיקע אָנפֿאַלן אויף יידן. זיי זענען באַגלייט געוואָרן מיט בלעריליי גזירות.

אַ גרופּע סאַנאַציע־דעפּוטאַטן מיט איינער פּריסטאָראָווע אין דער שפּיץ איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ פּראָיעקט פֿון אַ געזעץ, וואָס האָט גע־זאָלט פֿאַרווערן די יידישע ריטועלע שחיטה. די צביעות פֿון זייער הומאַ־ניטאַריזם האָט נישט געקאָנט פֿאַרשטעלן דעם אַנטיסעמיטישן ציל. די לופּט איז ממש געוואָרן פֿאַרפּעסטעט מיט ראַסן־האַס. ס'האָט זיך גע־שאַפֿן אַן איינדרוק, אַז סיי די פּוילישע מאַכטהאָבער, ווי בכלל אַלע רע־אַקציאָנערע פּאָליטיקער און זייער פּרעסע — אָנהייבנדיק פֿון קראָקעווער „קוריער" ביזן ווילנער „סלאָוואָ" האָבן נישט קיין אַנדערע זאָרגן, נאָר פֿירן אַן אויסראָטונגס־פּאָליטיק לגבי דער יידישער באַפֿעלקערונג. בלינד זענען זיי געווען אויף דער דראָענדיקער געפֿאַר, וואָס האָט געלויערט אויף

אונדזער לאַנד מצד היטלער־דייטשלאַנד. זיי האָבן נישט געוואָלט זען, ווי די דייטשישע באַוואָפנטע כוחות וואַקסן מיט יעדן טאָג און גרייטן זייער אָנפאַל אויף פוילן.

יעדער יידישער פאָלקס־מענטש האָט זיך געשטעלט די פראַגע: וואָס וועט זיין? וואָס וועט ברענגען דער מאָרגן? זענען דאָך אָנגעקומען די טרויעריקסטע ידיעות פון היטלער־דייטשלאַנד — זבאָנשין האָט געוועקט גרויל און אימה ביי יעדן יידישן מענטש.

צי קאָן מען זיך צוקוקן גלייכגילטיק צו דעם אַלעמען, וואָס קומט פאָר?

דער „בונד" האָט געוואָרפן דעם לאָזונג פון רופן אַ קאָנגרעס פון פאָרשטייער פון דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם.

אַז אַ קאָנגרעס פון קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם איז געווען נייטיק, האָט קיינער נישט געצווייפלט. פאַרקערט — יעדער האָט געהאַלטן, אַז ס'דאַרפן מאָביליזירט ווערן אַלע כוחות, וואָס דער פּראָגרעסיווער לאַגער אין פוילן פאַרמאָגט, אויף קעגנצווווירקן דער וויסטער אַנטיסעמיטישער העצע.

פיל אָנגעזעענע פּראָגרעסיווע פּוילישע פערזענלעכקייטן האָבן אויף פאַרשידענע אופנים און ביי פיל געלעגנהייטן אויסגעדריקט זייער גרעסטע עמפּערונג קעגן אַלעם, וואָס ברענגט פינצטערניש, פאַנאַטיזם און אָפּגע־שטאַנענקייט דעם לאַנד.

די גרויסע פּוילישע וואָרט־מייסטער: אַנדזשעי סטרוג, זאָפיאַ נאַל־קאָווסקאַ, וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ; פּאָליטישע פערזענלעכקייטן: באַרליצקי, דיבוא, אפילו דער געוועזענער פּרעמיער־מיניסטער פּראָפּ. באַרטעל האָבן געפונען פאַר נייטיק צו פּראָטעסטירן קעגן דער אַנטיסעמיטישער העץ־פּראָפּאַגאַנדע.

די קאַמפּאַניע אַרום קאָנגרעס וואָלט זיך געקאָנט פאַנאַנדערוואַקסן צו אַ מעכטיקער באַוועגונג פון אַלע פּראָגרעסיווע כוחות אין לאַנד נישט בלויז צום שוץ פון דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר ווי אַ קאַמפּס־פאָרם קעגן דער פאַשיסטישער הערשאַפט.

צום גרויסן באַדויערן איז צו אַזאַ קאָנסאָלידאַציע פון די לינקע כו־חות אין לאַנד נישט געקומען. דער פּפּס האָט פאַרפעלט פּאָליטיש־מאָ־ראַלישער מוט צום אָנגאַזשירן זיך אין אַזאַ אַקציע. דער „בונד" ווידער

האָט מחמת פּאָליטישער קורצזיכטיקייט נישט אָפּגעפילט דעם טראַגיזם פון באַגרענעצן די אַקציע צו די ענגע דלד-אמות פון דער אַזוי גערופענער יידישער גאַס.

ס'איז געוואָרן זעלבסטפאַרשטענדלעך פאַר יעדן איינעם, אַז די קאָנגרעס-קאַמפּאַניע וועט נישט ברענגען קיין געהעריקע רעזולטאַטן. צי וועט דאָס נישט זיין מער ווי אַ שטורם אין אַ גלאָז וואַסער? — האָט יעדער געשטעלט די פראַגע. אָן דעם אָנטייל און אָנפירונג פון פּוילישן פּראָלעטאַריאַט האָט די אַקציע נישט געקאָנט ברענגען דעם געהעריקן פּאָליטישן עפעקט און קאָנקרעטע ווירקונג אין זין פון האַמעווען די אַנטיסעמיטישע העץ-קאַמפּאַניע.

די קאָמוניסטן האָבן דעריבער געמאַכט אַלע באַמיונגען אַריינצוציען וואָס גרעסערע טיילן פון דער פּוילישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג אין דער קאַמפּאַניע. אויף די זיצונגען סיי פון קולטור-אַמט, סיי פון די פאַרוואַלטונגען פון די פּראָפאַריינען האָבן מיר אַרויסגערוקט פאָרשלאַגן צו רופן געמיינזאַמע מיטינגען און פאַרזאַמלונגען אין די פאַבריקן.

ווען דער ענין איז באַטראַכט געוואָרן אויף אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פון טעקסטיל-פאַריין, אָגראָדאָווע 9, האָבן אונדזערע חברים פאָרגעלייגט אַ פּלאַן דורכצופירן פאַרזאַמלונגען אין פאַבריקן, וו ס'אַרבעטן יידישע און פּוילישע אַרבעטער.

אַרויסגייענדיק פון דער פאַרוואַלטונגס-זיצונג, האָב איך און חיימל מאַלץ פאַרפירט אַ שמועס וועגן די אַלע ענינים מיט פערגאַמענטן, דעם פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג, וואָס איז געווען אַ בונדיסט.

מיר האָבן לאַנג שפּאַצירט דעם אָוונט. פערגאַמענט האָט געוווינט אויף מרדכי גבאים גאַס (אַלעקסאַנדרינסקע). ער האָט אונדז פאָרגעלייגט אַרויפצוגיין צו אים אין שטוב. עפעס האָט זיך אָבער נישט געוואָלט פאַרברענגען דעם אָוונט אין שטוב.

מיר זענען מיט דער פראַנציסקאַנער אַרוים אויף דער בזשעזשינער גאַס. זי איז דעמלט געווען שמאָל, ענג אויף די טראָטואַרן, געדיכט באַוווינט, צוממערסטן דורך יידן.

פערגאַמענט איז געווען פיל עלטער פון אונדז, געהערט צום עלטערן דור מענטשן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די קאַמפן פון פינפטן יאָר. פון פאַך איז ער געווען אַ וועבער-אַרבעטער, גערעדט רואיק, לאָגיש, איבערהויפּט פאַרמאָגט פיל טאַקט. אונדזער שמועס האָט זיך געפירט אַרום דער פראַגע קאָנגרעס און איינהייטס-פראָנט.

ווען היימל מאַלץ האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס דער „בונד“ מאַכט נישט קיין אָפיציעלע ווענדונג צו דער פּפּס וועגן רופן געמיינזאַם דעם קאָנגרעס, האָט ער געענטפערט: — ווען מיר וואָלטן געוווּסט, אַז די פּפּס וועט אויסדריקן איר הסכם דערצו, וואָלטן מיר אפשר געמאַכט אַזאַ ווענדונג. — לאָמיר זיך נישט נאַרן — האָט ער צוגעגעבן — צי איז די פּפּס פריי פון נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן? צי זענען דען נישט פאַראַן פּפּסאישע טוער, וואָס זענען אַנטיסעמיטיש געשטימט? אָבער מיר, יידן, דאַרפן די ערשטע אויפהייבן דעם קאַמף, מיר, די דירעקט־פאַראינטערעסירטע.

— לאָמיר אָננעמען — האָב איך זיך אַריינגעמישט — אַז מיר דאַרפן זיין די ערשטע איז ערשטנס, זענען מיר אַליין שוואַך דעם קאַמף צו פירן און צווייטנס איז דאָך דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם נישט בלויז אַן אויפגאַבע פון אונדז, יידן. אין דעם קאַמף זענען דאָך פאַראינטערעסירט אַלע פּראָגרעסיווע כוחות. מיר זענען דאָך אַלע אין דער זעלבער מיינונג, אַז די יידן־פראַגע וועלן מיר אַליין נישט זיין בכוח צו לעזן. אַז נאָר אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג וועט לעזן דאָס פּראָבלעם. איר זענט דאָך אויך אין דער מיינונג, אַז אַנטיסעמיטיזם ווי אַן אויסדרוק פון נאַציאָנאַליזם איז פון שטענדיק אָן געווען אַ מין בליץ־אָפּלייטער פון פאַרשאַרפטע קלאַסן־אַנטאַגאָניזמען. פאַרוואָס זאָלן מיר אין איצטיקן מאָמענט זיך נישט ווענדן צו אַלע אויפריכטיקע פּראָגרעסיווע כוחות אין לאַנד וועגן אויפהייבן אַ געמיינזאַמען קאַמף? פאַרוואָס זאָלן מיר שטיין איינזאַם אין געראַנגל פאַר אונדזער עקזיסטענץ?.

מיר האָבן געמוזט איבעררייסן אונדזער שפּאַציר, ס'האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ דראָבנער רעגן; מיר האָבן זיך גראָד געפונען ביי עליע־מרדכים שענק. — מילא—האָט פערגאַמענט אַ שמייכל געטון — וועלן מיר טרינקען אַ גלאָז ביר. — ביי אַ טישל וועט זיך שמועסן אָנגענעמער. מיר האָבן זיך קוים אַדורכגעשטופּט דורכן עולם, וואָס האָט באַלאַגערט דעם בופעט. ערשט אין דער צווייטער שטוב האָבן מיר געפונען אַ פריי טישל.

פערגאַמענט איז געווען אַ דיקלעכער. ער האָט מיט הנאה אויסגעטרונקען איין גלאָז ביר, געהייסן דערלאַנגען אַ צווייטע. אַ הייטערער האָט ער זיך געווענדעט צו אונדז: — אויב איר האַלט, אַז דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם דאַרף געפירט ווערן געמיינזאַם מיטן פוילישן אַרבעטער־קלאַס — אדרבא, איר האָט דאָך גרויסע איינפלוסן צווישן די

פּוילישע אַרבעטער; אייער פּאַרטיי האָט דאָך באַקומען אַ סך שטימען אין די פריערדיקע יאָרן ביי די סיים־וואַלן און געהאַט צוויי דעפּוטאַטן. באַווייזט וואָס איר קאָנט, מיר וועלן דאָס בלויז באַגריסן.

— אונדזערע פּוילישע חברים וועלן זיכער אונטערשטיצן אונדזער קאַמף, איבעריקנס — האָט חיימל געזאָגט — מיר שטעלן נישט די פראַגע יידישע אָדער פּוילישע קאָמוניסטן. מיר געהערן צו איין פּאַרטיי; באַשלוסן, אָנגענומענע דורך אונדזערע אָנפירנדיקע פּאַרטיי־אינסטאַנצן, זענען פאַרפליכטנדיק פאַר אַלע.

איך האָב זיך שוין מער נישט באַטייליקט אינעם וויכוח. כ'האָב זיך צוגעקוקט צום עולם, צו די מענטשן וואָס זענען געזעסן ביי די טישלעך. דאָס זענען צוממערסטנס געווען באַלמעלאָכעס און סתם האָרעפּאַשניקעס.

עליע־מרדכים שענק איז אָנגעגאַנגען אין באַלוט אַלס אַ „בעסע־רע". דאָ פלעגן זיך אַריינכאַפּן לוין־וועבער — כאַלופּניקעס, טישלער־מייס־טער און סתם באַלמעלאָכעס נאָך אַ גלעזל ביר, מאַכן אַ שנעפּסל און צו־בייסן אַ געבראָטן לעבערל אָדער אַ פּאַרציע געפילטע פיש. קוים האָט ווער נישט געהאַט די פּאָר גראָשן אין מאַש — נישקשה, האָט עליע־מרדכי אַרויסגעצויגן אַ פאַרפעטסט ביכעלע און פאַרשריבן... דערפּאַר אָבער ווען אַזאַ לוין־וועבער האָט פריידיק זיך אומגעקערט פון „ווילקע" מיט געלט פון פאַבריקאַנט, איז ער ס'ערשטע אַריין צו עליע־מרדכין אָפּצאָלן דעם חוב, נאָך פריער איידער ער האָט אויסגעצאָלט דעם פאַרדינסט זיינע געזעלן.

זענדיק, ווי איך קוק זיך צו צום אַרום, האָט פערגאַמענט זיך געווענדט צו מיר און גענומען דערציילן מעשיות וועגן דעם, וואָס דאָ פלעגט פאָרקומען אַמאָל, האָס הייסט, לאַנג פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

— ס'זענען געווען אויך אַזעלכע לוין־וועבער — כאַלופּניקעס, וואָס האָבן באַשעפטיקט צו פיר־פינף געזעלן. אַ גאַנצע וואָך געגעסן און גע־טרונקען אויף באָרג ביי עליע־מרדכין. ס'איז געקומען פרייטיק, געגאַנגען צום פאַבריקאַנט, אָפּגענומען דעם גאַנצן פאַרדינסט, קיין גראָשן נישט געגעבן די געזעלן, אָפּט אויך דעם ווייב גאָרנישט געגעבן, פון חוב שוין אָפּגערעדט און... פלעגט געלט ווערן, ווי אַ שטיין אין וואַסער. נאָך אַ לענ־גערער צייט קומט אָן אַ בריוו פון אַמעריקע — ער אַרבעט אין פּעטערסאָן אין אַ טעקסטיל־פאַבריק, אַז ער וועט זיך „דאַראַביען", וועט ער אָפּצאָלן

די חובות און אַריבערגענומען ווייב און קינדער... געווען אויך אַזעלכע חזירים, וועלכע האָבן אַפילו קיין פּאָר ווערטער נישט געשריבן — פאַרשווונדן מיטן געלט און געלאָזט ווייב און קינדער אויף גאָטס באַראָט.

— אין אַלגעמיין — האָט פּערגאַמענט ווייטער דערציילט — זענען נאָך די רעוואָלוציע-יאָרן פון 1905 אַוועק קיין אַמעריקע טויזנטער וועבער און שפּינער, באַזעצט זיך אין פּעטערסאָן אָדער אַנדערע שטעט.

ס'איז געוואָרן שפּעט. מיר האָבן זיך געזעגנט, צוזאָגנדיק זיך, אַז מיר וועלן מיט דער גאַנצער ענערגיע זיך גרייטן צום קאָנגרעס.

נישט געקוקט דערויף, וואָס דער ענין קאָנגרעס איז באַטראַכט געוואָרן אויף דער פאַרוואַלטונג פון פאַריין, האָט זיך מיט דעם ענין זעלבסטפאַרשטענדליך פאַרנומען דער פאַרטיי-עקזעקוטיוו. מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ רשימה פון פאַבריקן און באַשטימט רעדנער, וועלכע האָבן געדאַרפט רעפערירן: „דאָס פּראָבלעם פון אַנטיסעמיטיזם און דער אופן פון קאַמף מיט אים“.

וואָס אַן אמת, זענען מיר עפּעס נישט געווען אינגאַנצן זיכער, צי ס'וועט אונדז געלונגען די גאַנצע אַקציע. אַ פּראָבלעם אמת אַן אַלטס, אָבער אַריינציען ברייטע פּוילישע אַרבעטס-שיכטן אין אַזאַ אַקציע איז געווען אַ נייעס. ס'איז געשטאַנען די פראַגע, ווי אַזוי וועלן זיי, די אַרבעטער אין די פאַבריקן, אונדז אויפנעמען? די פראַגע האָט נישט געלאָזט רוען. ס'האָט דאָך זיך נישט געהאַנדלט וועגן עפּעס אַן עקאָנאָמישער פראַגע. דאָס איז דאָך געווען אַ דורכאויס פּאָליטישער ענין. מיר האָבן דאָך געדאַרפט קומען אין די פאַבריקן מיט אַ קאָנקרעטן פּלאַן פון קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. אפשר וועט קומען די צייט און מיר וועלן דאַרפן זיך ווענדן נאָך קאָנקרעטער הילף. קיינער האָט זיך נישט געשאַפן קיין אילוזיעס, אַז צווישן אַרבעטער אין די פאַבריקן זענען נישט פאַראַן קיין אַנטיסעמיטן.

איך האָב געדאַרפט אַרויסטרעטן אויף אַ פאַרזאַמלונג אין דער פירמע „מאזא און לעמפערט“. איינס אַזייגער מיטאָג-צייט, ווען ס'האָט געענדיקט די אַרבעט די ערשטע שיכט און ס'איז געקומען די צווייטע, האָבן מיר אָרגאַניזירט די פאַרזאַמלונג.

איך האָב שוין פריער דערמאָנט, אַז אין דער פאַבריק זענען געווען צוויי דעלעגאַטן — איין יידישער און איין פּוילישער. ער האָט דאַכט זיך געהייסן קאַטשמאַרעק.

דער פּוילישער דעלעגאַט האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג, באַקענט די אַרבעטער מיט דער טאָג־אָרדענונג און געזאָגט אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער וועגן דעם ענין, ווי ער וואָלט געוואָלט צוגרייטן די שטימונג פאַר דער פראַגע, דערנאָך מיר צוגעטיילט ס'וואָרט אַלס פאָרשטייער פון פאַריין.

איך האָב זיך גוט אַרומגעקוקט, אַ ווײַלע באַטראַכט דעם עולם. אין דער פאַבריק האָט געאַרבעט אַ גרויסע צאָל פרויען. כ'האָב געוואָלט אַראָפּלייענען פון די פּנימער, וואָס טראַכטן זיי? ביי די פרויען האָב איך גיכער באַמערקט נייגעריקייט צו מיין פּערזאָן, ווי צום עצם ענין גופא. אַ טייל פרויען האָבן אַפילו פריינדלעך צו מיר געשמייכלט.

פאַר דער פאַרזאַמלונג האָב איך זיך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג, ווי אַזוי צו רעדן. כ'האָב שוין געהאַט פאַרמאָגט אַ ביסל רוטין אויפן געביט פון רעדן. יעדער רעדנער, האָב איך געוווּסט, דאַרף קענען באַלד פון דער ערשטער מינוט אָנבינדן אַ געהעריקן קאָנטאַקט מיט דער געגעבענער אוידיטאָריע. טאָמער געלינגט דאָס אים נישט, וועט ער זיין ציל נישט דערגרייכן.

מיר איז ממש געגאַנגען אין לעבן נישט צו ליידן קיין דורכפאַל. צו דער פאַרזאַמלונג זענען אויך געקומען דער עלטער און יונגער מאזא — די אייגנטימער פון דער פאַבריק.

איינס האָב איך געוווּסט: טאָמער הייב איך אָן מיטן געוויינלעכן נוסח פון אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, איז דער דורכפאַל אַ זיכערער.

כ'האָב זיך דערמאָנט אין עפּעס פריילעכס און דערפון טאַקע אָנגעהויבן, דערציילט אַ וויץ. פּאַמעלעך בין איך איבערגעגאַנגען צו ערנסטע ענינים און געוועקט אַ פאַראינטערעסירונג.

ווען כ'האָב געענדיקט, בין איך אַליין געווען איבעראַשט פונעם דערפאָלג. באַקאַנטע חברים, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער פאַבריק, האָבן מיר געדריקט די האַנט.

ענלעכע גרופן זענען אויך אָנגעקומען פון אַנדערע פאַבריקן. אומעטום, ווו אונדזערע חברים זענען אַרויסגעטראָטן, זענען זיי אויפגענומען געוואָרן מיט סימפּאַטיע. ס'האָבן אויך גענומען ווערטער פּוילישע חברים. ספּעציעל געלונגען איז אויסגעפאַלן די פאַרזאַמלונג אין דער גרויסער פאַבריק פון די עטינגאָנס.

ווען זונטיק פרי בין איך געקומען אין לאָקאַל פון קולטור־אַמט, האָט שוין אויף מיר געוואַרט דער ה' לעסקי. ער האָט מיר אויף זיין שטייגער,

מיט אַ גוטברודערישן קלאַפּ אין דער פּלייצע מיטגעטיילט: דער קולטור־אַמט רופט אַ גרויסן מיטינג אין לאָקאַל פון דער לאָדזשער פילהאַרמאָניע, געווידמעט דעם קאָנגרעס. — מיר האָבן באַשטימט — גיט ער שוין צו מיט אַן ערנסטער מינע — דו זאָלסט אַרויסטרעטן אין נאָמען פון דער לינקער ריכטונג.

יעדער איינער פון אונדז האָט געוווּסט, מיט וואָס עס שמעקט אַזאַ אַרויסטרעטונג. לעסקי האָט זיך באַמיט דעריבער אַ ביסל אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק פון דעם באַשלוס: — ס'וועט נישט הייסן — האָט ער גע־זאָגט — קיין מיטינג גערופן פון פּאָליטישע פּאַרטייען, נאָר פון קולטור־אַמט. — איבעריקנס — האָט ער צוגעגעבן — חברים וואָס וואָלטן גע־קאָנט אַרויסטרעטן אויף אַזאַ מיטינג, ווערן שוין געזוכט דורך דער „דע־פּע". אַ שטייגער, העניעק דער האָלצערגער מוז זיך אויסבאַהאַלטן, וואר־שײַנלעך דראָט אים בערעזע.

איך האָב נאָר אויסגעדריקט איין באַוואָרעניש: — טאָמער געלינגט מיר נישט מײַן רעדע. דאָס איז דאָך מײַן ערשטער אַרויסטריט אויף אַ מיטינג אין אַזאַ גרויסן זאַל. איך זאָלט צו מיר קיין טענות נישט האָבן.

פּראָים־לאָזער (אַן אָנגעזעענער בונדישער טוער אין לאָדזש, איצט אין אַמעריקע) איז גראַד בײַגעווען אונדזער געשפּרעך. האָט ער זיך אָנ־גערופן: — אַ רעדנער איז געגליכן צו אַ טשאָלנט — מען ווייסט וואָס מע רוקט אַרײַן אין אויוון, מ'ווייסט אָבער קיינמאָל נישט, וואָס מ'וועט אַרויסנעמען. אַמאָל טרעפט, אַז ס'איז אַ ביסל צוגעברענט — דאָס מאַכט נישט אויס — האָט ער פרייליך געלאַכט — ערגער איז, אַז ס'איז נישט דערבאַקן...

דער טערמין פון מיטינג איז באַשטימט געוואָרן אויפן צווייטן טאָג שבועות אין דער פרי. ס'איז גראַד אויסגעפאַלן דער יום־טוב בײַ יידן און קריסטן צוזאַמען.

אין דער צווישנצייט איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון וואַרשע, אַז דאָס אינערן־מיניסטעריום האָט פאַרבאָטן דעם קאָנגרעס. נישט קוקנדיק אויפן פאַרבאָט, האָבן מיר דאָך באַשלאָסן ווייטער פאָרצוזעצן די קאַמפּאַניע און נישט אָפּרופן דעם מיטינג.

דער לאָדזשער פילהאַרמאָניע־זאַל איז דעמלט אָנגעפּאַקט געווען פאַר איי־בעם פון די שענסטע און גרעסטע זאַלן אין שטאָט. פלאַקאַטן האָבן מיט עטלעכע טעג פריער צוויסן געגעבן דער יידישער באַפעלקערונג וועגן גע־מיינזאַמען מיטינג.




מיכאַל טעפּער
דעפּענסיווע=אויפנאַמע

דער זאַל איז געווען פול געפּאַקט. פון וואַרשע איז געקומען דער באַקאַנטער בונדישער טוער עמנואל נאָוואָגרודזקי, פון די לינקע פּועלי=ציון האָט געדאַרפט אַרויסטרעטן מיעטעק בראַנדט.

איידער דער מיטינג האָט זיך אָנגעהויבן, האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין אַ נעבן=צימער, וואָס האָט זיך געפונען האַרט ביי דער בינע.

עמנואל נאָוואָגרודזקי האָט געפּרוווט אויף מיר ווירקן, אַז איך זאָל אויסמיידן צו רעדן וועגן פאָלקס=פראָנט. — איר ווייסט דאָך אַליין, ס'איז געווען אַז אייערס אַ רעדנער זאָל דערמאָנען דאָס וואָרט — פאָלקס=פראָנט — און דערמיט טראָגט ער אויף זיך אַרויס אַן אורטייל. — די „דעפענסיווע"=לייט כאַפּן זיך באַלד מיט וועמען זיי האָבן צו טאָן. איך האָב אים דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז מחמת דעם וואָס דער לאָזונג פון פאָלקס=פראָנט ווערט נאָך נישט פאַררעכנט אַלס אַנטימלוכהשער לאָזונג, וועל איך זיך נישט לאָזן אויף פערזענלעכן אָפּאָרטוניזם...

שמואל מילמאַן האָט אין נאָמען פון קולטור=אַמט געעפנט דעם מיטינג. ער האָט ביי דער דערעפענונג אונטערגעשטראָכן, אַז דער מיטינג איז נישט גערופן געוואָרן דורך קיין שום פּאָליטישער פּאַרטיי, נאָר דורך די יידישע פּראָפּאַריינען. ער האָט אַזוי אַרום געוואָלט אים פאַרמעל כשרן.

איך האָב עס אָנגענומען פאַר אַ געלונגענעם מאַנעוור אויף צו ראַטעווען" מיין פערזאָן. אַן אַנדער זאַך, אַז די אַלע מאַנעוורן האָבן געהאַט אַ שוואַכע פּעולה.

דער ערשטער האָט גערעדט פּראָים=לאָזער. דאָס איז געווען אַ געניטער רוטינירטער רעדנער, מיט אַ לאַנגיאָריקער דערפאַרונג, אָבער זיך שטאַרק געהיצט און שטאַרק זשעסטיקולירט. מיט יאָרן צוריק האָט ער געקאָנט נישט איין גיפטיקע פייל שיקן אויפן אַדרעס פון די קאָמוניסטן און דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אָבער דאָס 36=טער יאָר איז פאָרט געווען אַ צייט פון פאָלקס=פראָנט און איינהייט; דאָס האָט זיך טאַקע געלאָזט אַרויסדפילן פון זיין רעדע. נאָך אים האָט גערעדט מיעטעק בראַנדט, אַמאָל האָט ער פאַרמאָגט אַ דונערנדיקע שטימע. מענטשן פלעגן וועגן אים זאָגן, אַז אַפילו אַ טויטן איז ער פעיק אויפצוּוועקן, נאָר דאָס מאָל איז זיין שטימע שוין געווען אַ ביסל געבראָכן, ס'האָט זיך געפילט, אַז ער איז שוין אויסגעפּלומפּט, אפשר האַרץ=שוואַכקייט. ס'האָט נאָך גערעדט יוסף גאָטאיינער פון דער „צוקונפט", דערנאָך האָב איך באַקומען אַ וואָרט.

ס'האָט זיך באַלד געפילט, אַז אונדזער חברה האָט זיך גוט צוגעגרייט. אַלע פאָדערשטע רייען זענען געווען פאַרנומען מיט אונדזערע יאַטן.

איך האָב נישט געהאַלטן קיין לאַנגע דרשה. כ'האָב באַלד אין אָנהייב אונטערגעשטראָכן, אַז ס'פעלט אויפן זאַל אַ זייער וויכטיקער קאָנטראַהענט — די פוילישע מאַסן. דאָס איז גענוג געווען, אַז די עטלעכע שפּיצלעם, וואָס זענען געזעסן אין דער ערשטער ריי, זאָלן נאָטירן יעדעס וואָרט מײַנס.

איך בין נישט געווען צופרידן פון מײַן אַרויסטרעטונג. ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עפּעס האָב איך נישט דערזאָגט — און דאָס, וואָס איך האָב יאָ געזאָגט, האָב איך געדאַרפט אַנדערש זאָגן, כאָטש פיל חברים, צווישן זיי די חברטע רבקה און איר מאַן חיים וואָיסקאָווסקי האָבן געהאַלטן, אַז מײַן אַרויסטרעטונג איז געווען גענוג געלונגען.

נאָך מיר האָט גערעדט עמנואל נאָוואָגרודזקי. ער איז געווען אַ מייסטער פון רעדן. זײַן רעדע וואָס אַן אמת האָט אַנטהאַלטן איינהייט־אַקצענטן, נאָר די אויספירונגען וועגן איינהייט זענען געווען זייער פאַראַלגעמיינערט, אַבסטראַקט, נישט געהאַט קיין שייכות צו פוילן.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט אויפן לאָדזשער באָדן דאָס קאַפּיטל — קאָנגרעס צום קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם.

## דעראָבערט אַ פאַרלוירענע פּאָזיציע

אויב ס'איז נישט געלונגען צו שאַפן קיין ברייטן פראָנט צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אין שייכות מיטן קאָנגרעס, דערפאַר אָבער איז אויסגעשמידט געוואָרן דער איינהייטס־פראָנט פון די לאָדזשער אַרבעטנדיקע מאַסן בעתן די וואַלן צום לאָדזשער שטאָטראַט, וואָס זענען פאָרגעקומען דעם 27־טן אויגוסט 1936.

ווי באַוווּסט, איז לאָדזש פון אייביק אָן אָנגעגאַנגען אַלס פּראָלעטאַרישע פעסטונג. איז דאָך דער לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט געווען פון די ערשטע, וואָס האָט אונטער דער רויטער קאַמפס־פאָן געשטורעמט די צאַרישע הערשאַפט, איז דאָך דער לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט אַרויס אויף די גאַסן תיכף, ווי נאָר דער ערשטער מאַי איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס קאַמפס־טאָג פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.

אין די צווישנמלחמה־יאָרן האָט נישט איינמאָל דאָס רויטע לאָדזש געוויזן דער בורזשואַזער הערשאַפט זײַן האַרטע, מעכטיקע פויסט. ווי זשע קומט עס, וואָס אין 1934 יאָר האָט די ענדעציע באַקומען 100 טויזנט

שטימען צו די שטאָטראַט־וואַלן? וואָס די העלדן פון לאַנגן מעסער — קאָוואַלסקי, שווײדלער זענען געוואָרן די באַלעבאַטים פון לאָדזשער מאַגיסטראַט?

דאָס איז געווען אַ שאַנד־פלעק פאַרן לאָדזשער אַרבעטער־קלאַס נישט צום פאַרטראָגן. דווקא לאָדזש האָבן די ענדעקיסטן אויסגעקליבן אַלס שטאָט, ווו אַרויסצוגעבן דאָס העסלעכע מענטשנפרעסעריש בלעטל „אָרענדאָוניק“. רויב און מאָרד, האָס צו אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו קולטור און מענטשלעכקייט — איז געווען די טאָג־טעגלעכע שפּייז, וואָס דער „אָרענדאָוניק“ האָט אונטערגעטראָגן דעם לייענער. אַ ווייסטער עיפוש האָט זיך געטראָגן אין דער לופט, נישט געווען קיין אַרבעטער־מיטינג אָדער מאַניפעסטאַציע, וואָס זאָל נישט באַפאַלן ווערן דורך די היטלעריזירטע ענדעקישע באַנדעס.

צום דרייסיקסטן יאָרטאָג פון בלוטיקן מיטוואָך (1906) קומט פאָר אַ געמיינזאַמע מאַניפעסטאַציע פון גאַנצן לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט. אויך דער מאַניפעסטאַציע־צוג ווערט עטלעכע מאָל באַפאַלן דורך ענדעקישע באַנדעס. זיי ווערן יעדעס מאָל אָפּגעשטויסן און באַקומען דערביי פעסטע קלעפּ. זיי קאָנען האָס נישט שענקען, זיי באַפאַלן יידישע מענטשן, וואָס האָבן גאָרנישט קיין שייכות געהאַט מיט דער אַרבעטער־מאַניפעסטאַציע, זיי דערשטעכן דעם יידישן פורמאַן, דעם 54־יאָריקן גליצענשטיין.

ס'איז געוואָרן די זאַך פון ערע און אַמביציע, אַז בעת די שטאָטראַט־וואַלן זאָלן די ענדעקעס ליידן אַ מפּלה. דער ציל פון יעדן ערלעכן מענטש — איז אָפּצוווישן דעם העסלעכן שאַנד־פלעק — די ענדעקישע ממשלה אין לאָדזשער שטאָטראַט.

דער קאַמף איז נישט קיין גלייכער. די ענדעציע האָט צו איר הילף — די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט, די פּאָליציי, דעם גאַנצן אונטערדריקונגס־סיסטעם.

דער הויפּט־מאָטאָר פון שמידן דעם איינהייטס־פראָנט, פון מאָביליזירן די מאַסן צום קאַמף — איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. דעריבער זענען אַלע פיילן פון דער „דעפע“, פון דער פּאָליציי געווענדעט קעגן די אַקטיוויסטן, קעגן די מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, קעגן גאַנצן לינקן אַרבעטער־לאַגער.

טאָג־טעגלעך קומען פאָר רעוויזיעס און אַרעסטן. די שוער, קעגן וועמען די פּאָליציי קאָן נישט פאַרפירן קיין פּראָצעס, ווערן מאַסנווייז

פאַרשיקט קיין קאַרטוז=בערעזע; די סאַנאַציע באַמיט זיך צו טעראָריזירן יעדן איינעם, וואָס ליגט צו אַ האַנט צום איינהייטס=פראָנט.

אונדזערע אַקטיווסטע חברים זענען געצווונגען זיך אויסצובאַהאַלטן. פון שלאָפן אינדערהיים האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. אין די זומער=חדשים איז נאָך געווען אַ האַלבע צרה, ווער עס האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ האָרף הינטער דער שטאָט, ווער ביי באַקאַנטע.

לייביש=מענדל לעסקי, איינער פון די אַקטיווסטע קאָמוניסטישע טוער — מיטגליד פון קולטור=אַמט, ווערט געזוכט דורך דער פּאָליציי, ער טאָר זיך מער נישט באַווייזן אין פאַריין און ווילכן עס איז „פּאָדפּונקט". נאָך עטלעכע חדשים נע=ונד זיין פאָרט ער אָפּ קיין פראַנקרייך.

העניעק ראָזען (דער האָלצערנער העניעק) ווערט אויך געזוכט דורך דער פּאָליציי. זיין באַווייזן זיך אויף ווילכן עס איז „פּאָדפּונקט" דראָט אויך די איבעריקע, וואָס טרעפן זיך מיט אים.

די חברטע רבקה שינדער=וואָיסקאָווסקאַ איז געצווונגען צו פאַרלאָזן אויף אַ געווויסער צייט לאָדזש. אַ גרויסע צאָל אַקטיוויסטן פון קאָמ. יוגנט=פאַרבאַנד ווערט אַרעסטירט פאַר פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור, פאַר אָפּהאַלטן מאַסווקעס ביי פאַבריקן.

די פּאָליציי מיידט אויך נישט אויס מיין ווינונג. זינט מיין אַרויסטריטן אויפן מיטינג אין דער פילהאַרמאָניע, האָט מיך די דעפענסיווע גענומען אויפן אויג, שפּיצלעס זענען מיר כסדר נאָכגעגאַנגען.

איך ווער געצווונגען צו פאַרלאָזן לאָדזש, על=כל=פּנים אויף עטלעכע וואָכן. איך פאָר קיין גלאָוונע, אַ שטעטל הינטער לאָדזש. דאָ טרעף איך פיל חברים, וואָס ווערן געזוכט דורך דער פּאָליציי. צווישן אַנדערע דעם דעמלט שוין גוט באַקאַנטן יונגן פּאָעט משה שולשטיין. ער דרייט זיך אַרום כמעט איינער אַליין, ער איז ווייניק רעדעוודיק, שווער פון אים אַרויסצובאַקומען אַ וואָרט. שולשטיין פאַרטרויט זיך פאַר מיר, אַז ער וואַרט אויף אַ ידיעה פון וואַרשע, אויך אויף עטלעכע גילדן — און דאַן דאָס פּעקל אונטערן אָרעם — און אין דער וועלט אַריין...

די, וואָס קאָנען זיך נישט אַרויסבאַקומען פון פּוילן, באַהאַלטן זיך אויס אַ געוויסע צייט און פאַלן לסוף אַריין אין די הענט פון דער פּאָליציי. אַזוי האָט אויך געטראָפן מיט מיר. נישט לאַנג נאָך די וואַלן ווער איך אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין בערעזע.

ביי אַזאַ אָנגעשטרענגטער לאַגע און פאַרשאַרפטן טעראָר, גרייט זיך די קאָמוניסטישע פּאַרטיי — דער אַרבעטער־קלאַס צו די וואַלן. די וואַלן קומען פאָר דעם 27־טן אויגוסט 1936 יאָר.

די פּפּס גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג, אַז גיין צו די וואַלן אַליין הייסט האָבן דעם זעלבן סוף, וואָס אין יאָר 1934, נישט איינגיין אויף אַ גע־מיינזאַמע ליסטע מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי הייסט פאַרשפּילן די וואַל־קאַמפּאַניע. איבעריקנס, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט זיך געשאַפן דעמלט אַזאַ פּאָזיציע אין לאָדזש, אַז די פּפּס איז ווילנדיק נישט ווילנדיק פשוט געווען געצוווּנגען צו גיין צוזאַמען.

אָבער האָ הייבט זיך אָן אַ מעשה. די פּפּס גיט אָנצוהער׳ן, אַז ס׳וועט זיין פיל געוווּנטשענער, ווען דער „בונד“ און לינקע פּועלי־ציון וועלן גיין צו די וואַלן מיט אַ באַזונדערער ליסטע. — ס׳וועט זיין שווער צו באַקעמפן די ענדעציע — האָט די פּפּס געטענהט — ווען אויף דער געמיינזאַמער ליסטע וועלן זיך געפינען נעמען פון יידישע פאָרשטייער.

פאַרשטייט זיך, אַז דער „בונד“ האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן פון אַזאַ שטעלונג. וואָס אַן אמת, איז אַן אָפיציעלע דערקלערונג אין דעם גייסט נישט געווען. אָבער די פּפּס האָט אויף פאַרשידענע אופנים געגעבן צו פאַרשטיין: — די ענדעציע קאָן אַמאָל אַריינרייטן אין מאַגיסטראַט אויפן אַנטי־יידישן פערדל.

ביי אַזאַ לאַגע האָבן זיך געשאַפן צוויי פראָנטן — צוויי אַרבעטער־ליסטעס: די פּפּס און די קלאַסן־פאַריינען — צוזאַמען מיט דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי, די צווייטע ליסטע — „בונד“ און די לינקע פּועלי־ציון. אויף דער יידישער גאַס זענען נאָך געווען צוויי ליסטעס: דער פאַר־אייניקטער בלאָק פון יידישע בירגערלעכע פּאַרטייען — אגודה, מזרחי, פאָלקיסטן, די צווייטע ליסטע — אַלגעמיינע ציוניסטן.

דער הויפּט־פּאַרמעסט איז פאָרגעקומען צווישן דער ענדעציע פון איין זייט און דעם פּראָלעטאַרישן לאַגער — קאָמוניסטן און פּפּס פון דער צווייטער זייט. די איבעריקע בורזשואַזע פּאַרטייען האָבן נישט גע־שפּילט קיין וועזנטלעכע ראָל.

לאָדזש איז פאַר דער מלחמה געווען באַוווּנט דורך אַ גרויסער צאָל דייטשן. שוין דעמלט האָבן זיך אויסגעבילדעט צוויי היטלערישע ליסטעס: דער אַזוי גערופענער „פאָלקס־פאַרבאַנד“ און „יוגענד־פאַרבאַנד“. די דיי־טשישע פאַשיסטן האָבן דערגענצט די ענדעציע.

בכדי אַריינצופירן אַ דעזאָריענטאַציע און אַ צעשפּליטערונג צווישן די אַרבעטער־ווײלער, האָבן די סאַנאַציע־הערשער צעטיילט לאָדזש אויף 10 וואַל־קרייזן. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער פּאָליטישער באַוווּסטזיין ביי די אַרבעטער־מאַסן איז געווען גענוג הויך, די אַלע מאַנעווערן האָבן געהאַט אַ שוואַכע פּעולה. פאַרקערט — דער דאָזיקער מאַנעוור האָט פאַרשאַפט פיל שאָדן די פאַרשידענע רעגירונגס־פּאַרטייען און פּאַרטייער.

דער 27־טער אויגוסט האָט געבראַכט אַ מפּלה אַלע רעאַקציאָנערע כוחות אין אונדזער שטאָט. אמת, נישט קיין צעשמעטערנדיקע. דער לינקער לאַגער האָט געהאַט קעגן זיך אַ גאָר שטאַרקן שונא.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן האָט זיך פאָרגעשטעלט פאָלגנדיק:

קאָמוניסטן און פּפּס (פּפּס און קלאַסן־פאַריינען) — 95 טויזנט שטימען, 34 מאַנדאַטן. „בונד“ און לינקע פּועלי־ציון — 23 טויזנט שטימען, 6 מאַנדאַטן, צוזאַמען 40.

ענדעקעס — 77 טויזנט שטימען, 27 מאַנדאַטן.

כאַדעקעס — 1 מאַנדאַט און דייטשן — 1 מאַנדאַט.

די יידישע בירגערלעכע פּאַרטייען צוזאַמען — 26 טויזנט שטימען, 6 מאַנדאַטן.

אין יאָר 1934 האָבן די פּפּס און „בונד“ צוזאַמען באַקומען אַ קימאַלן פון 27 טויזנט שטימען.

דער זיג פון די לינקע כוחות איז געווען אַן אַנטשיידענער, דער אָנטייל פון דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג אינעם זיג איז געווען אַ באַדייטנדיקער.

די סאַנאַציע און אירע משרתים האָבן נישט באַקומען קיין שום מאַנדאַט.

צוויי כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן האָבן זיך געלאָזט מערקן אינעם דאָזיקן זיג. ערשטנס דער פאַקט, וואָס דער אָנטייל פון די קאָמוניסטן אין דער איינהייטס־ליסטע האָט פאַרגרעסערט די צאָל שטימען אין אַרבעטער־לאַגער *פיר פאַכיק*. אין 1936 יאָר האָבן די קאָמוניסטן, פּפּס, בונד און פּועלי־ציון באַקומען 118 טויזנט שטימען, בעת אין 1934־טן יאָר האָט פּפּס און „בונד“ באַקומען 27 טויזנט שטימען.

דער צווייטער מאָמענט איז די בולטע פּאָליטישע כוחות־פאַרהעלטעניש צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. זי לאָזט זיך גענוי אויסמעסטן לויטן וואַל־רעזולטאַט אין 9־טן וואַל־קרייז. דאָס איז געווען דער וואַל־

קרייז אַלטשטאָט. וו ס'האָט געווונען כמעט אויסשליסלעך אַ יידישע באַפעלקערונג. אין דעם וואַל־קרייז האָבן אַלע יידישע פּאַרטייען אָנגעצויגן דעם מאַקסימום פון זייערע שטימען און פּפּס האָט דאָ נישט געהאַט קיין שום איינפלוסן. און דער רעזולטאַט האָט זיך פאָרגעשטעלט אויף פאָלגנדיקן אופן: פּפּס און קאָמוניסטן 8393 שטימען, ענדעקעס 1817, „בונד" און פּועלי־ציון 8073 שטימען, ציוניסטן 2108, יידישער בלאָק — 5094 שטימען. די דאָזיקע ציפערן באַווייזן, אַז קאָמוניסטן, „בונד" און פּועלי־ציון האָבן דעראָבערט העכער צוויי דריטל פון אַלע יידישע שטימען און אַז אין די ראַמען פון די צוויי דריטל זענען די קאָמוניסטן געווען די שטאַרקסטע פּאַרטיי מיט די גרעסטע איינפלוסן צווישן דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג. דער אויסגאַנג פון די וואַלן אין 9־טן וואַל־קרייז איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן אַלגעמיינעם וואַל־רעזולטאַט.

וויפל קאָמוניסטן עס זענען געווילט געוואָרן צום שטאָטראַט איז שווער פעסטצושטעלן. כ'ווייס בלויז, אַז די צאָל איז געווען אַ באַדייטנדיקע. ס'רוב קאָמוניסטישע ראַטמענער זענען געווען פאַריינס־טוער און פאַבריק־אַרבעטער. דאָס זענען אין ווייט גרעסטן טייל געווען סימפּאַטיקער — אָנהענגער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. חברים, וואָס זענען געווען אַקטיוו אין דער פּאַרטיי, האָבן נישט געקאָנט פיגורירן אויף קיין שום ליסטע צוליב לעגאַליטעט־טעמים.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט באַטראַכט דעם ענין וואַלן נישט פון שטאַנדפּונקט פון דער צאָל קאָמוניסטישע ראַטמענער. ס'האָט זיך דער עיקר געהאַנדלט וועגן געבן אַ טויט־קלאַפּ דעם פאַשיזם, פאַרשטעלן דעם וועג דער פינצטערער רעאַקציע.

די סאַנאַציע ענטפערט אויפן זיג פון לאָדזשער רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט מיט רעפּרעסיעס. זי פאַרשאַרפט די רדיפות לגבי די אַקטיוויסטן פון דער קאָמפּאַרטיי, מיטגלידער און סימפּאַטיקער.

זדזיעכאָווסקי, איינער פון די פּאָפּולערסטע קאָמוניסטן אין לאָדזש, ווערט אַרעסטירט און באַקומט אַ תפיסה־אורטייל אויף פינף יאָר. קיין בערעזע ווערן אַרויסגעשיקט: וויטאַשעווסקי און יוזעף ניעדזשיעלסקי — לאַווניק פון דער ליגקער ריכטונג. עס ווערט אַרעסטירט די אָנפירערשאַפט פון לאָדזשער פּאַרטיי־קאָמיטעט און אויך פאַרשיקט קיין בערעזע: עמיל סלאַמאַ, טשעסלאַוו שימאַנסקי, וולאַדיסלאַוו ספּיכאַלאַ, ווינצענטי קלופּינסקי, ז. פּשירסקי. אַ תפיסה־אורטייל באַקומט יסט. סקשינעצקי .אויך יידי־



## C.G.T. w obronie Zdziechowskiego

Kongres Unii Robotniczych Związków Zawodowych Okręgu Paryskiego, zebranych w Paryżu w sali Huygens 5, 6 i 7 lutego 1937 r. w imieniu miliona swych członków, energicznie protestuje przeciw aresztowaniu i skazaniu na 5 lat więzienia sekretarza Związku Jedwabników m. Łodzi, Mieczysława Zdziechowskiego.

Zdziechowski, oddany działacz związkowy, kochany jest przez całą klasę robotniczą Polski za swą odwagę i nieustanną walkę o chleb, wolność i pokój. Szacunek i zaufanie okazywane mu przez klasę robotniczą, stały się powodem jego aresztowania. Świadczy o tem akt oskarżenia, zbudowany zresztą jedynie na podstawie zeznań policji.

Zdziechowski, podczas wyborów w 1936 r., które dały zwycięstwo listom robotniczym, został wybrany do Rady Miejskiej Łodzi. Skazanie jego jest więc podwójną niesprawiedliwością — i jest skierowane przeciw wolnym związkom zawodowym w Polsce i przeciw Robotniczej Radzie Miejskiej Łodzi.

Kongres zwraca się więc do władz w Polsce o natychmiastowe zwolnienie Zdziechowskiego i rewizję jego procesu.

Jednocześnie Kongres zasyła braterskie pozdrowienia towarzyszowi Zdziechowskiemu i zapewnia go, tak samo jak cały lud polski walczący o dobrobyt i wolność, o swej całkowitej sympatji.

שע פאַריינס=טוער, פאַבריק=דעלעגאַטן און אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ ווערן אַרויסגעשיקט קיין בערעזע. אָט איז אַ קורצע רשימה, וואָס ליגט מיר נאָך גוט אין זכרון: יחזקאל וואַקסמאַן, יאקוב גאָלדבערג, לעאָן שעל, דר. וואָלף אייכנער, וול. באַשיסטא, סט. קאָסאָווסקי, נייהויז (פּאַוועל בעזרעניקי). די יוגנטלעכע קאָמוניסטן: אַרטור זשיטאָ, די ברידער ליפּשיץ, שייעק אַלשטיין, יצחק רובין, קאָטעק, מאָביאַש. יוסף האָלצמאַן, לעאָן קוטשינסקי, האַרי גערשאָן, דוד שאַרפהאַרץ. אויך איך האָב געטיילט דעם זעלבן גורל. זאָלן מיר מוחל זיין די חברים, וועמענס נעמען איך האָב פאַרגעסן אויסצורעכענען. אויך פראָים=לאַזער זעלמאַנאָוויטש פון „בונד“ יוסף גאָטאייגער פון צוקונפט און מיעטעק בראַנדט פון די פועלי=ציון ווערן אויף עטלעכע וואָכן אַרויסגעשיקט קיין בערעזע.

בלויז דאָס האָבן זיי געקאָנט, די סאַנאַטאָרישע סאַטראַפּן — פאַרשפּאַרן אין די תפיסות, פייניקן אין בערעזע. אָבער ווען ס׳האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די גרויזאַמע היטלער=שווערד אויף אונדזער לאַנד האָבן זיי פאַראַטן דאָס פאָלק און דאָס לאַנד און אַנטלאָפן ווי די מייז פון אַ ברענענדיקער שיף.